


ניו־יאָרק
1967

ITZIK MANGER

# *SHTEREN IN SHTOYB*

# STARS IN THE DUST

שער בלאַט

געצייכנט פון באַוואוסטן

אַמעריקאַנער קינסטלער

בּ ן ־ צ י ו ן

•●•

אַלע צייכענונגען

פון באַקאַנטן ישׂראל קינסטלער

מ . בּ ע ר נ ש ט י י ן

•●•

סדר פֿון זאַץ און איינבאַנד

י שׂ ר א ל ל אָ נ ד אָ ן



PRINTED IN THE UNITED STATES OF AMERICA

BY MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK CITY

438

## דאָס איצטיקע בוך

הייסט „שטערן אין שטויב״ פשוט דערפאַר ווייל די שטערן וואָס האָבן אַמאָל געפינקלט אויפן דאַך וואַלגערן זיך איצט אין שטויב. די לעצטע שפּאַצירער אויפן שטויביקן שליאַך שטעלן זיך אַפילו נישט אָפּ — אָדער זיי פאַרשטייען נישט דאָס לשון, אָדער זיי האָבן בילכערע „געשעפטן״.

**אין דעם באַנד** גייען אַריין אַ סעריע פון מיינע „לעצטע בילדער״ אַחוץ לידער פון פריערדיקע ביכער וואָס זענען נישט אַריין אין מיין בוך „ליד און באַלאַדע״ וואָס איז דערשינען אין 1952 אין ניו־יאָרק.

**מיט דעם בוך** איז מיין ליד פאַרענדיקט, הגם נישט אַלצדינג וואָס איך האָב געשאַפן איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אַפילו איצט.

**דער פּעריאָד** פון מיין זיין אין אַמעריקע איז געוואָרן דער סטערילסטער פּעריאָד אין מיין לעבן. פון איין זייט אַ דערמאָר־דעטע שפּראַך, פון אייננעשרומפּענע לשון־טעריטאָריע, וואו מען טרעט זיך ממש אויף די הינעראויגן מחמת ענגשאַפט.

**אַ גראָטעסק** פאַרבייטן פון די יוצרות „ווער איז ווער?״ „שאַיסטערס״ און ראַבאַיס סקריפּען מיט „געוזענע״ פעדערס

אין די „פעיפערס״. די מוזעס טראָגן הוילע יאַרמולקעס אָן קעפּ. צו־וואָס דאַרפן זיי עס צו אַלדי גוטע יאָר?!

**דאָס בוך** „שטערן אין שטויב״ דערשיינט, ווייל אַזוי האָט זיך איינגעטעקשנט אַ ייִד פון לאָס אַנדזשעלעס מיטן נאָמען ווילי שאָר.

**אַ האַרציקן דאַנק** אָט דעם איידעלען עקשן.

---

**סיי ווי סיי** פיל איך ווי די שאָטנס ווערן לענגער. ס׳ווערט אָונט. ס׳ווערט נאַכט. אַ גוטע נאַכט, רבותי.

איציק מאַנגער

ניו־יאָרק, פעברואַר 1966

# שטילער גאָרטן

דעם אָנדענק פון
מאַני לייב

דער קברן זאָגט: ווי שיין מיין גאָרטן בליט
שטיל און געלייטערט אין לבנה־שיין —
געאַקערט אים געטריי טאָג־אויס טאָג־איין,
ביי יעדן בערגל־ערד — אַ מידער טרויער קניט.

און דאָס וואָס איך זינג איז נישט קיין טרויערליד,
נאָר ס'איז אַזוי ווי סע באַדאַרף צו זיין —
אַ שטילער בית־עולם אין לבנה־שיין,
וואו דער וואָרעם פּויזעט, און דאָס פּלאַטערל פליט.

די מורא — די גרויסע שוואַרצע פלעדערמויז,
פּלאַטערט איבערן ישוב פון הויז צו הויז,
אין אירע פליגל ציטערט אַ געוויין, —

נאָר קום פליט זי צו מיין שטילן גאָרטן צו,
ווערט זי אַ טייל פון אָט דער גרויסער רו
און אין דער שטילקייט ווערט זי שטיל אַליין.

# וואַלד־סצענע

דער בעל־שם־טוב שטייט אין מיטן זומערוואַלד.
ס'איז ערב פּרי, ערב גלי און מי,
ערב זשום און ברום, ערב פלאַטער־פלי.
נאָר איינער וואַכט — די גרויסע אָן־געשטאַלט.

נאָר פלוצעם רוישט אַ קוסט, און פונעם קוסט אַרויס
אַ נאַקעט וואַלד־מיידל, די אויגן אין דעליר.
און תיכּף נאָך איר אַ ציגן־פיסיקער סאַטיר —
האָריק דער גוף, דער אבר שטייף און גרויס.

ער כאַפּט דאָס מיידל אין די אָרעמס, לאַכט, פאַרשווינדט,
פון צווישן די ביימער טראָגט אַ יונגער ווינט.
צוויי הייסע אָטעמס. דער בעל־שם־טוב לאָזט זיך גיין

אַוועק פונעם וואַלד. די גרויסע אָן־געשטאַלט
האָט פאַר אים אַנטפּלעקט אין מיטן זומער־וואַלד
איינס פון זיינע וואונדער גרויס און שיין.



# פּרעסקאָ

פֿאַר

טאַטשע דילאַן

אַ מלאכל אַ קליינס. דאָס מײַלעכל פֿאַרשמירט.
מיט מאַרמעלאַד. די אויגן גרויס און גרין.
די פֿליגל זילבער דורכזיכטיק און דין,
פֿלאַטערט אין דער לופֿט — אַ קלײנער פֿלירט.

אויף דער סאָפֿע נאַקעט תּאווהדיק און גרויס
די פֿרוי, דער זילבערשפּיגל אין דער האַנט.
אַ נאַקעטער וואַלד־גאָט פּיבערט אויף דער וואַנט
און טײַטלט מיטן פֿינגער צו איר שויס.

אַ קעצל מיטן בײַנוול־קנויל אויפֿן דיל,
פֿײַער אין די אויגן — טויט אין שפּיל,
ווי בײַ דער געשטרײַפֿטער טיגער־קאַץ.

דער פּאָפּוגײַ אין שטײַגל פּלאַפּלט מיאוסע רייד.
אַ שוואַרצע דינסט אין אַ פֿאַרשאַרצטן קלייד
טראָגט כּיבוד אויף אַ גרויסער זילבערטאַץ.

# צוויי לידער

ד״ר א. סינגאַלאָווסקי
אַ מתנה

### אָוונטליד

שטילער אָוונט. טונקל-גאָלד.
איך זיץ ביים גלעזל וויין.
וואָס איז געוואָרן פון מיין טאָג ?
אַ שאָטן און אַ שיין —
זאָל כאָטש אַ רגע טונקל-גאָלד
אין מיין ליד אַריין.

שטילער אָוונט. טונקל-גאָלד.
אַן אַלטער גראָער ייִד
דאַוונט פרום אַוועק דעם שטויב
פון דעם יאָר-יאָריד —
זאָל כאָטש אַ מורמל פון דעם ייִד
אַריין צו מיר אין ליד.

שטילער אָוונט. טונקל־גאָלד.
ווינט, וועלט־אויס וועלט־איין.
מיין טרויער וואָס געוועזן וואַך
שלאָפט ווי אַ הינדל איין —
זאָל כאָטש אַן אָטעם פון דעם שלאָף
אין ליד צו מיר אַריין.

שטילער אָוונט. טונקל־גאָלד.
אַ זומער־פויגל פליט
מיט פליגל זיינע גראָ און גאָלד
אַוועק אין „גאָט־באַהיט" —
זאָל כאָטש אַ ציטער פון זיין פלי
אַריין צו מיר אין ליד.

שטילער אָוונט. טונקל־גאָלד.
איך זיץ ביים גלעזל וויין.
וואָס איז געוואָרן פון מיין טאָג?
אַ שאָטן און אַ שיין —
זאָל כאָטש אַ רגע טונקל־גאָלד
אין מיין ליד אַריין.

## מיידאַנעק

דער אַלטער אליהו הנביא
גלעט די הויפנס אַש
מיט שטילע טרויעריקע פינגער:
— אוי גאָטעניו טי נאַש!

נישטאָ מער קיין סדר אין פוילן,
וועט ער דאָ איינער אַליין,
מיט צעשויבערטע באָרד און פאות,
אַן אייביקער דענקמאָל שטיין.

# צוויי סאָנעטן

## קיניגין איזבל

זי האָט איינגעשלעפּערט אַלע אירע געטער. שאַ, שטיל.
(די געטער אירע: פּימסנהאָלץ, מירמלשטיין און עלפנביין).
איצט שטייט זי שטאָלץ אויף דער וועראַנדע — איין־אַליין,
דער ווינט אין אירע האָר זשומעט סודותדיק און קיל.

די נאַכט פּאַלט צו. ס'הייבט זיך אָן דאָס אַלטע שפּיל.
זי צינדט פייערפליגן אין די גראָזן טרויעריק־שיין,
זיי צינדן און פאַרלעשן זיך אָן אַ זין, אָן אַ מיין,
און טיף אין האַרצן אירן לייטערט זיך אַ דין געפיל,

אַז זי איז דיינם מיט אָט דעם צינדן און פאַרלעשן זיך
ביז גאָר —
נאָר וואָס וויל דער פרעמדער פרעמדער וויינגאָרטן פון אירע יונגע יאָר,
וואָס ציטערט אין איר דמיון אַזוי צייטיק — פריש און גוט?

דער פרעמדער נביא וואָרנט. עט, די געטער אירע שלאָפן.
זי איז אַליין.
דער פרעמדער וויינגאָרטן בלענדט רויט. זי לאָזט זיך גיין
און הערט ניט, ווי סע ווײנט אין איר דאָס אייגענע בלוט.

## יפתחס טאָכטער

באָרוועס, אין פּראָסטן סיצן־קליידל, אַ זונרויז אין די האָר,
שטייט זי אויף דער שוועל פון איר געצעלט און פיבערט, וואַרט.
די אויגן אָנגעשפּיזט צום שליאַך. צי האָט ער אָפּגענאַרט,
דער חלום, וואָס האָט איר אַלץ געוויזן בולט־קלאָר?

וואָס שטויבט זיך דאָרט ביים האָריזאָנט? ס׳איז וואָר,
סאיז וואָר:
אַ מחנה רייטערס. אַ שופר שאַלט. און זיי פאָרויס —
דער שופט פון ישראל. די באָרד אַ ווילד־פאַרוואַקסענע,
די אויגן גרויס,
ער טראָגט דעם נצחון אויף זיין שפּיז. אַן אָפּגעהאַקטער
קאָפּ מיט לאַנגע האָר.

זי לאָזט זיך לויפן אָן אַן אָטעם גיך. און אַלע וועגן
נעמען זיך צונויף און שטראַלן פאַרביק איר אַנטקעגן.
ס׳איז זונפאַרגאַנג. די שפּיזן פון די רייטערס בליצן רויט.

דער שופט ווינקט צו איר: „אַוועק", נאָר זי לויפט ווייטער,
ווייטער,
אַט כאַפּט זי אָן דאָס ציימל פונעם פערד ביים ערשטן רייטער —
ס׳איז איר פאָטער, און זיין פּנים איז אַ שטרענגע מאַסקע: טויט.
ס׳איז איר פאָטער, און זיין פּנים איז אַ שטרענגע מאַסקע:
טויט.

# צוויי סאָנעטן

שלום ראָזענפעלדן
אַ שטילע טרייסט

## געצעלטן

דער וואַנדערער ווייסט וואויל אַז דער וועג
וועט קיינמאָל נישט טרעפן אליין
די געצעלטן, וואָס שימערן שיין
אין שיין פון פאַרשוואונדענע טעג.

אויף מיין שוועל שטייט אַ ציגיינערל קליין —
ער ציילט די פינגער, דאָס גאַנצע פאַרמעג
זיינען בלויז די פאַרגאַנגענע טעג
און די געצעלטן וואָס שימערן שיין.

איבער הויפנס און הויפנס מיט אַש,
אַ ליכטיקער בלענד — אַ מיראַזש
וואָס וויל נישט און וועט נישט פאַרגיין.

דאָס ציגיינערל שמייכלט. סע ווייסט
דער מיראַזש איז זיין טרויער און טרייסט
אין אַ וועלט פון וויי און געוויין.

## געבורט פון ליד

יונגע ציגיינערטעס, איר שיינע טעכטער פון דער ערד,
באָרוועסע קוזינקעס פונעם ווינט און רעגן!
שוין לאַנג נישט אַנגעטראָפן אויף די אַלטע וועגן
אייערע פאַרנדיקע היימען געשלעפט פון מידע פערד.

אין מיינע גרינע שבועות־יאָרן איז מיר געווען באַשערט
מיט אַן אָפן האַרץ צו לויפן אייך אַנטקעגן —
מיט אַלע פידלען פון מיין בענקשאַפט פיבערנדיק אייך פרעגן:
וואָס איז מיר באַשערט אויף אָט דער ווייטער ערד?

איר האָט געמורמלט טונקל. מיין האַנט האָט געליכטיקט קלאָר;
דער זומערווינט האָט געזשומעט אין אייערע שוואַרצע האָר;
די לאַנדשאַפט האָט געפיבערט ראָז, וויאָלעט און גרין —

אַ פּאַווע האָט געגאָלדיקט ביים ברעג פון האָריזאָנט,
געליכטיקט מיט די פליגל, געמאַניעט און געמאָנט,
און כ'האָב געדאַוונט שחרית אויף אַן אַלטער וויאָלין.

# שטיינערנע סאָוועס

פאַר
מאַטיע ראַבינאָוויטש

די בלינדע סאָוועס היטן געדולדיק אָפּ די וועגן.
אַ פרעמדער מייסטער האָט זיי אויסגעהאַקט פון קאַלטן
שטיין —
ער איז אַוועקגעפאָרן און געלאָזט זיי דאָ אַליין
וואַרטן אויפן ערשטן זומערדיקן רעגן.

קינדער פלאַטערן אין גרינגראָז, שפּאַצירער בלייבן שטיין
און פרעגן:
— ווי קענען מיאוסע מורא־פייגל ווערן שיין?
קליינע ווייסע וואָלקנס פלאַטערן פאַרביי ווי אַ רעפּריין
און ס׳לאַכן אין דער ווייטער וועלט אַריין די וועגן.

דאָס בילד איז קלאָר. וואָס איז דאָס? בלענדעניש צי וואָר?
אויב וואָר, וואו־זשע איז די פרוי מיט די טיציאַן־רויטע האָר,
מיטן גרינעם שירעמל און העלן זומער־קלייד?

די בלינדע סאָוועס וואַרטן. אירע זינגענדיקע טריט
פעלן אוים צום טעם און ריטעם פונעם ליד.
זי וועט נאָך קומען איידער — די זומער־זון פאַרגייט.

# צפת

פאַר
זלמן ארן

איך בין דער עלטסטער ייִד פון צפת
און גיי מיט שטילע פרומע טריט.
איך צינד מיט מיין לאַמטערן אָן
אין יעדער שויב אַ גאָלדן ליד.

כ׳קען אַלע מעשיות פון אַמאָל
וואָס טייטלען צו אַ ווייטער צייט. —
דערצייל איך זיי אויף אַלטע טרעפ
פאַר נייגעריקע יונגעלייט:

איר מיינט אַז דער אר״י איז טויט?
אַט זע איך אים דאָך צווישן אייך!
און זיינע אויגן לייכטן קלאָר,
ווי שטערן אין אַ שטילן טייך.

ער איז אַ פרומער יונגערמאַן
וואָס האָט ערשט נעכטן אויסגעטאָן
דאָס קלייד פון טרויער און פון שטויב
און גרייט זיך צו דעם וואונדער אָן.

וואו איז דאָס וואונדער? אויפן באַרג?
וואו איז דאָס וואונדער? אינעם טאָל?
ווער ווייסט גאָטס וועגן. איינמאָל דאָרט,
און איינמאָל דאָ. אָט ווי אַמאָל . . .

איך דריי זיך אויס: אַ גוטע נאַכט!
און לאָז די יונגעלייט אַליין
פאַר'חידוש'ט אויף די קרומע טרעפ,
אַ גרופּע אויסגעהאַקט פון שטיין . . .

איך בין דער עלטסטער ייִד פון צפת
און גיי מיט שטילע, מידע טריט.
איך צינד מיט מיין לאַמטערן אָן
אין יעדער שויב אַ גאָלדן ליד.

ניו־יאָרק, 1958

# אָן אַ שליחות

דאָס לאָמע בעטלערל שטייט אין מיטן מאַרק און שעלט:
פּינים! . . . סע פּיני! . . . אַ סוף־אָן־עק. אָן ענדע!
ווי וואַרפט מען עס אַ לאַמעדוואָווניקל ווי אים אַרויס פון
אַ לעגענדע
פאַר ניט באַצאָלן דריי־פיר הונדערט יאָר קאָ דירה־געלט?

עך בראַטיאַ, ברידערלעך, ניטאָ־ניטאָ קיין יושר אויף דער
וועלט,
וואָס האָט אַ לאַמעדוואָווניקל ווי ער, מישטיינס געזאָגט,
די ווערט,
וואָס דאַרף איצט מעסטן אָן אַ שליחות סתם אַזוי די ערד
זומער אין די היצן און ווינטער אין דער קעלט?

ער שווייגט. אַ חדר־יִינגל צינדט אין זיין לאַמטערן אָן דעם
ערשטן שטערן
אַ פרומע אישה איז מנדב אין איר פאַרטעך צוויי־דריי טרערן,
אַ מאַמע שלעפּט די טאָכטער פונעם פענצטער פאַר די צעפּ.

„פאַרקוקט זיך אויף אַ האָלעדריגע". נאָר די טאָכטער ווייסט,
זיי װעלן
דאָס לאָמע לאַמעדוואָוניקל און זי נאָך היינט ביי נאַכט אַ
חופּה שטעלן
און זיך לאָזן אָן אַ שליחותביידע באָרוועס איבערן סטעפּ.

# נאַכטבילד

דאָ וואוינט זי, די אַלטע מכשפה פון עין דור.
איך קלאַפּ אין איר פינסטערן פענסטער אָן.
אין גערטנדל ביים פּלויט גיפטיקט רויט דער מאָן,
אין צימער בלענדט אַ קאָפּ צעשויבערט־ווייסע האָר.

ס׳איז זי. זי צינדט דעם קאַנעץ אָן. ס׳ווערט ווידער וואָר
איר מיאוסער הויקערדיקער שאָטן אויף דער וואַנט.
זי גענעצט פויל און נעמט דעם שליסל אין דער האַנט. —
אַ בילד וואָס פייניקט מיך אַזויפיל טויזנט יאָר.

זי עפנט אויף די סקריפּנדיקע טיר און זעט מיך שטיין
איינגעוויקלט אין מיין מאַנטל טרויעריק און אַליין.
זי לאַכט מיט איר איינציק־פוילן געלן צאָן:
— ניין, ביזט נישט מיין טרויעריק־שיינער מלך פון אַמאָל —
דערגייט צו מיר ווי דורך אַ נעפּל ווייט איר קול.
און טרויעריק־שטיל: אין קרוינזאַל שטייט אַ ליידיקער
דער טראָן . . .

סיגעיט, 1958

# זינט נעכטן

זינט נעכטן וואוין איך אויף אַן אַנדער שטערן;
כ'האָב מיטגענומען נאָר מיין ליבשאַפט און מיין ליד.
איז וואָס אַז מיין קאַרשנבוים האָט אָפּגעבליט?
נאַקעט שטיי איך פאַרן שפּיגל, אַן חרטה און אַן טרערן.

נאָר איין באַגערן האָב איך. הערן, הערן, הערן
דעם ריטעם פון אַלץ וואָס אָטעמט, קרייזט און פליט.
איך בין אַ חסידל אַזאַ אויפן קאָסמישן יאַריד,
וואָס וואַרפט אַן אייגן ליכט מיט זיין מאַגישן לאַמטערן.

וואו כ'בין געבוירן, וואו געוואָגלט. איך געדענק נישט מער.
פאַרגעסן.
כ'האָב צעפליקט אין מיין זכרון אַלע היימישע אַדרעסן.
כ'וואוין איצט אויף אַן אַנדער שטערן, מיט מיין ליבשאַפט
און מיין ליד.

נאָר איין באַגערן האָב איך. הערן, הערן, הערן
ווי סע קלינגען זיך צונויף די סאַמע ווייטסטע שטערן.
כ'בין אַ חסידל אַזאַ מין אויפן קאָסמישן יאַריד.

סיגעיט, 1958

# קליינער אַלטער פּאַרק

די קליינע ווייסע מאַמעס היטן אָפּ דעם קליינעם אַלטן פּאַרק.
זיי ציטערן, ער זאָל זיך חלילה נישט פאַרקילן.
זיי האָבן איינגעשלעפערט מיט די פינגער אַלע פייגל,
אַלע גרילן,
און פאַרטריבן מיט די טיכלעך אַלע רעש׳ן פונעם מאַרק.

אפשר נעמען אויף די הענט אים און אים טראָגן אויפן באַרג,
וואו ס׳ליכטיקט דאָס שפּיטאָל? דער געלער דאָקטער
מיט די ברילן
וועט אים אויסהערן, און פאַרשרייבן פּראָשעקעס צי פּילן.
ער זאָל נאָך קענען אויסטראָגן אַ נייעם זומער אויפן קאַרק.

אַ שאָד, אַ שאָד, דער פּאַרק זאָל זיך פאַרלעשן פאַר דער צייט.
וואָס וועלן אָן אים טאָן די אַלע אַלטע, מידע לייט,
וואָס געדענקען אים נאָך פון די פריע יונגע יאָרן.

די קליינע ווייסע מאַמעס פלאַטערן. ווער געדענקט נאָך מער
ווי ער,
דער קליינער פּאַרק, זייערע יונגע פיבערן אַמאָל. יעדע
בענקשאַפט, יעדע טרער.
אָן אים וועלן זיך פאַרלעשן אַלע בילדער פון זכרון.

סיגעיט, 1959

# ייִנגל און ים

דאָס קליינע בלאָנדע ייִנגל און דער אַלטער גראָער ים
טרעפֿן זיך פֿאַרנאַכטצו, ווען ס'זעט נישט קיינער.
ווען אַלצדינג אויף דער ערד ווערט שטילער, איינזאַמער,
אַליינער —
אוי שמערל מיטן פֿידל און בערל מיטן גראַם.

דאָס קליינע ייִנגל שטייט און שטוינט און שמייכלט ווי אַ תם.
„תם מה הוא אומר?" אַ ייִד אַ רשע האָט אים אויסגעריסן
פֿון אַן אָפּגעזוונגענער הגדה, אָן אַ ציטער פֿון געוויסן —
אוי שמערל מיטן פֿידל און בערל מיטן גראַם.

דאָס קליינע ייִנגל ליכטיקט. זיינע אויסגעטראַכטע ווייסע
זעגלשיפֿן
ציטערן איבערן ים. רייצן זיך מיט זיינע טיפֿן.
דער הימל שטראַלט די שטערן. גרינע פֿייערלעך אין ים.

אַ ליכטיק ייִנגל, ממזר פֿון מיין דמיון. זע די מעוועס פֿלאַטערן
מידער, מידער, מידער.
באַלד וועלן זיי אַנטשלאָפֿן ווערן ווי אַלטע אויסגעשפּילטע
לידער. —
אוי שמערל מיטן פֿידל און בערל מיטן גראַם.

סיגעיט, 1959

# איך בין עס

פאַר
זרובבל

דו האָסט געזאָגט, איך בין דער האַרבסט. און זע, איך בין עס.
אַלט-גאָלד. קיל און טרויעריק זילבער, שאַרלאַך-רויט —
איך בין דער עפּלבוים וואָס בויגט די שווערע צווייגן
איבערן פּלויט.
איך בין אַ גאָלדן רענדל אין אַ סטויג מיט היי. געפינען עס.

דו האָסט געזאָגט, איך בין דער ווילדער וואַלד. און זע,
איך בין עס.
דער שווערער דעמב, דער לייכטער ציטערבוים, די
בלעטער געל און רויט.
איך בין דער קליינער קראָליק און זיין גרויסע מורא
פאַרן טויט.
איך בין אַ גאָלדן אויערינגל פאַרלוירן אין אַ ווילדן
דערנער-קוסט. געפינען עס.

איך בין דער שמאָלער דאָרף-וועג. דאָס דאָרף אַליין. די
ווילדע פלאַטער-רויז
איך בין די גרינע גראָזבאַנק, דער בלאָער שאָטן, דאָס
קליינע אַלטע הויז.
כ'בין אַלצדינג אין דער וועלט, און איך באַזין עס —

און אַלצדינג, אַלצדינג וואָס דו האָסט געזאָגט, בין איך
געוואָרן —
דער קליינער שפּערל אויפן שניי, די זילבער-גריל אין
טיפן קאָרן.
דאָס גאָלדענע פּייפל אין אַ גרינעם זשאַבע-זומפּ. געפינען עס.

סיגעיט, 1959



# ראַפּסאָדיע אין אַש

באָרוועס שיין צייגנער־יינגל
מיטן אוירינגל אין אויער,
צווישן מנחה־מעריב שטייסטו,
ווי אַן אָפּבילד פון מיין טרויער.

קיינער האָט דיך נישט גערופן,
ביסט אַליין פון זיך געקומען,
מיטן דופט פון ווייטע סטעפּעס,
מיטן קלאַנג פון ווילדע בלומען.

אין דער האַנט האַלטסטו דעם צימבל,
נאָר סע שווייגן דיינע פינגער;
זע, איך וואונדער אַלטע בילדער,
אפשר וועט דיר ווערן גרינגער!

פידלען, צימבלען אין די קרעטשמעס,
ליבעס וואַלצן איבערן מאַרק —
ציגיינערטעס אין רויטע קרעלן
נידערן אַראָפּ פון באַרג.

איינע מורמלט טונקעלע ווערטער:
— אַלע גליקן פון דער ווייט
זאָגט, פאַר וואָס האָט איר פאַרשלאָפן
אייער שיינע קאַרשנצייט?

אַ צווייטע האַלט אַ פּעשל קאָרטן.
זי ווייסט בעסער נאָך און מער
וויפל גאָלד ס׳איז אין אַ שמייכל,
וויפל זילבער אין אַ טרער.

נאָר די דריטע שווייגט. אַ בלוטרויז
ציטערט אין איר האַנט. זי ווייסט:
ס׳איז איר ליבשאַפט אַן עגונה
און זי וואַרט נישט אויף קיין טרייסט.

פידלען, צימבלען אין די קרעטשמעס,
ליבעס וואַלצן איבערן מאַרק —
ציגיינערטעס אין רויטע קרעלן
נידערן אַראָפּ פון באַרג.

איינע זינגט: סע שטייט אַ ווערבע
ביי אַ וואַסער טיף און קלאָר,
דאָרטן האָט געוואַרט מיין בענקשאַפט
אויף דיין ליבע זיבן יאָר.

די ווערבע האָט גערוישט, געוואָרנט:
ס'איז די ליבע נישט קיין לייט,
דאָביים וואַסער פאַר דער צייט.
מיינסט אומזיסט שטיי איך געבויגן

די צווייטע זינגט: זע, דריי בעריאָזעס
ליכטיקן אין טיפן טאָל —
שרעק זיי נישט אָ, שעהערעזאַדע,
מיט שיינע מעשיות פון אַמאָל.

דערצייל זיי בלויז פון זון און זיידנס,
פון זומערוווינט אין שוואַרצע האָר,
פון פידלען ציטערדיקע, צאַרטע,
וואָס חלשן אַוועק די וואָר.

די דריטע זינגט: איך בין פלאַטערל
שוואַרץ און געל און רויט קאָלירט.
מיין טעות איז, וואָס כ'ווייס אַליין נישט
וועלכער דופט ס'האָט מיך פאַרפירט.

בין איך אַ הוליע צווישן גראָזן,
אַ שפּיל פאַר יעדן פרייען ווינט.
און ווען די אָוונט-כמאַרעס בלאָזן,
ווער איך אַנטצויבערט ווי אַ קינד.

פידלען, צימבלען אין די קרעטשמעס,
ליבעס וואַלצן איבער מאַרק —
ציגיינערטעס אין רויטע קרעלן
נידערן אַראָפּ פון באַרג.

## שיינע פוריע

מיר האָבן זיך געטראָפן שפּעט ביינאַכט —
די שטערן האָבן געציטערט גרין און מיד.

(אַ יונגער חלום האָט זיך אָפּגעדעקט
און פאַרדעקט מיט דער האַנט ווי אַ בלאַט דאָס גליד).

דו האָסט געהאָגלט מיט גיפטיקע רייד
וואָס האָבן געבליצט ווי קינזשאַלן שאַרף,

אַז ביים מיידל אין נאָענטן קאַבאַרעט
האָבן געבלוטיקט די פינגער ביי דער האַרף.

דו ביסט שיין געווען אין דיין זיידן קלייד
ווי אַמאָל ביים שיכורן קאַרנאַוואַל,

ווי אַמאָל אויף דער שטילער גאַרטנבאַנק
ווען ס׳האָט געוויינט די נאַכטיגאַל.

אַמאָל . . . אַמאָל . . . ווען דאָס מינדסטע וואָרט
פון דיינע ליפּן האָט געשטראַלט: מוזיק.

אַ שאָרך פון דיין קלייד איבער קאַלטע טרעפּ
האָט געפיבערט מיט קוים־דערוואָרטן גליק.

ווי לאַנג איז דאָס געווען? און אָט נעכטן ערשט,
ווען די שטערן האָבן געציטערט גרין און מיד,

האָט אַ יונגער חלום זיך אָפּגעדעקט
און פאַרדעקט מיט דער האַנט ווי אַ בלאַט דאָס גליד.

דו האָסט געהאָגלט מיט גיפטיקע רייד
וואָס האָבן געבליצט ווי קינזשאַלן שאַרף,

אַז ביים מיידל אין נאָענטן קאַבאַרעט
האָבן געבלוטיקט די פינגער ביי דער האַרף.

איך האָב געשוויגן און לאַנג אויף דיר געקוקט . . .
ווי שיין דו ביסט, ווי גיפטיק און ווי פרעמד.

וואָס איז געוואָרן פון יענע נאָענטע נעכט,
צי האָב איך דיר געקענט, און נישט געקענט?

דו האָסט געהאָגלט דיינע רייד . . . נאָר מיט אַ מאָל
ביסטו געבליבן אָן אַ אָטעם שטיין.

אַ שיינע פוריע, די האָר צעשפּילט אין ווינט,
פאַרחידושט איבער אַלץ, און זיך אַליין.

דו האָסט זיך אויסגעדרייט און ביסט אַוועק,
די שטערן האָבן געציטערט גרויס און מיד.

און צום לעצטן מאָל האָט דיין שיין געשטאַלט
געוואָרפן אַ שאָטן אין מיין ליד.

# האַרבסט

קראַנקע נאַכטיגאַלן
הענגען צווישן די צווייגן
און די האַרבסט-נאַכט כּישופֿט
לבֿנה-ליכט און שווייגן.

זאָגט דער דאַמב צו דער בעריאָזקע:
כּלה מײַנע, כּלה
ס'פֿיבערט אונזער חופּה-נאַכט
נו, איז מאַלע . . . מאַלע . . .



עפּעס אַן איך, עפּעס פיל איך,
עפּעס זיך פאַרלאָפן,
פון דעם נעפּל־קיניגס האַרעם
איז אַ יוני־נאַכט אַנטלאָפן.

אַ נאַכט מיט בלאָנדע ווייצן־האָר,
מיט ברוינע מאַנדל־אויגן
און צוגעגנבה'ט פון זיין אוצר
דעם שענסטן רעגנבויגן.

שפּינט דער נעפּל־קיניג — אומגליק
מיט די דאַרע פינגער —
אפשר, אפשר וועט דאָס האַרץ
אים ווערן גרינגער.

זיבן ראָבן פליען, יאָגן
נאָך דעם רעגנבויגן —
היט זיך, כלה מיינע, היט זיך
פאַר דעם בליץ פון זייערע אויגן.

דעם נעפּל־קיניגס טריבע האָר
פלאַטערן אין טרויער
און די פרייד מיט גאָלדענע אויגן
ווײנט אין ווינקל טויער.

זיבן שטאַרקע ווינטן יאָגן
נאָך דעם רעגנבויגן —
היט זיך, כלה מיינע, היט זיך
פאַר דעם בליץ פון זייערע אויגן.

גראָד אין אונזער חופּה־נאַכט
זיך אַזוינס פאַרלאָפן —
פון דעם נעפּל־קיניגס האַרעם
איז אַ יוני־נאַכט אַנטלאָפן.

## ליד

אָוונט. דער אָוונטבוים
טונקלט אין פענסטער,

מיידלישער פליסטער אין טרוים:
— גאָלדענער, שענסטער . . .

מיידלישער פליסטער אין טרוים,
הייליקער ציטער —

אַזוי ווי אַ פויגל אין שטייג,
אַזוי איז מיר ביטער.

אַוועק איז מיין חתן פון הי
אויף מיילן און מיילן,

זאָג, מאַמע, דעם בריוו־טרעגער־ווינט,
ער זאָל זיך צואיילן.

זאָג, מאַמע, דעם בריוועטרעגער־ווינט,
ער זאָל אים דעריאָגן,

געשווינדער, געשווינדער, געשווינד
די ווערטער אים זאָגן:

די ליבע, וואָס ווערט אומזיסט,
ווערט אָן אַלע פאַרבן,

די ליבע, וואָס גאַרט אומזיסט,
מוז יונגערהייט שטאַרבן.



# ליד

כ׳זינג דאָס געזאַנג פון זונפאַרגאַנג
און הער —
אין קוזשניע, ביים שמידער יאָסל בער,
קלינגט דומפּ און שווער
דער האַמער־קלאַנג.
ביים שניידער שטעפּט מען נאָך אויף דער מאַשין,
זיין טאָכטער חלומט פון איר גראַף אין ווין
און זיפצט אַפּ שווער.
און איבער די גאַסן מאַרשירט דאָס מיליטער.

כ׳זינג דאָס געזאַנג פון זונפאַרגאַנג
און טראַכט —
וואַנדערער, וואָס קומען אָן פאַרנאַכט,
שמייכלען ביטער, ווען זיי הערן
ווי מאַמעס שלעפערן די קינדער איין
מיט איי־ליו־ליו און לבנה־שיין,
מיט מעשות וועגן בערן
און זען נישט די געטרייע האַנט,
וואָס צינדט אין די פענסטער אָן די שטערן.

כ׳זינג דאָס געזאַנג פון זונפאַרגאַנג
און וויים —
פאַרנאַכט ווערן מענער מאָדנע גוט
און ווייבער ווערן גיפטיק, פרעך און היים,

און הורן צינדן די פאָנאַרן אָן
און לייגן זיך מיט יעדן איינעם שלאָפֿן,
מיט זעכצן־יעריקע און אַלטע לייט,
און בעטן גאָט, ער זאָל זיי נישט באַשטראָפֿן.

כ׳זינג דאָס געזאַנג פֿון זון־פֿאַרגאַנג
און וואָרט —
אַלטע ברייוו־טרעגער מיט פֿראַנץ־יאָזעף־בערד
קלאַפּן אין די טירן שווער און האַרט
און ווייסן נישט, אַז ס׳האָבן זיך געהאָנגען
אַלע, וואָס האָבן אויף די ברייוו געוואַרט
מיט אַ רגע פֿרי׳ר:
איינער אויפֿן פֿענסטער, דער צווייטער אויף דער טיר,
דער דריטער — אויפֿן זונפֿאַרגאַנג.
שווייגן די ברייווטרעגער טיף און לאַנג,
שאָקלענדיק די ווייסע קעפּ פֿאַרטראַכט
און אַלע לייגן די פֿאַרשפּילטע ברייוו
אַוועק צופֿוסנס פֿון דער נאַכט.

# לעגענדע

סעפּטעמבער. דאָס ציגײנער־מײדל
פלאַפּלט צום װינט:

„כ׳בין אַנטלאָפן, פּריצ׳ל געטרײער,
פון דעם טאַטנס הײמישן געצעלט,
געלאָזט די ברידער זינגען אַרום פײער
דאָס שײנע ליד פון יאַנושאָק דעם העלד
און איך אַלײן בין, פּריצ׳ל, געשװינד
פאַרקראָכן צום ערשטן ייִד אין שײער
און דאָרטן געבױרן מיט װײטיקן דאָס קינד".

פּיבערט דער װינט: „הם . . . הם . . . טשעקאַװע —
דו ביזסט געגליכן צו דער מוטער חוה,
זאָל זשע זײַן נאָמען הײסן — קין.

הײדאַ, קלעזמער, גענומען די כלי־זין"!

טשירקען די גרילן אין די פײַכטע גראָזן,
די זילבערנע קלעזמער פונם סטעפּ,
אַ מנין ייִדן מיט געקרױזטע פּאות
נידערן אַראָפּ פון די לבנה־טרעפּ.
„מזל־טוב!" ס׳פלאַטערן די פּאָלעס,
אַ ראָד, אַ טענצל ביזן טאָג אַרײַן.

ציטערט דאָס מיידל מיטן קינד אין אָרעם
גרוים און זינדיק אין לבנה־שיין.

„קין, מיין בכור! קין מיין קינד!"

„פיבערט דער ווינט:

„הער, איך זאָג צו דיר, אַזוי צו זאָגן,
איידער דער טאָג הויבט אָן צו טאָגן
גיי, מוטער חוה, גיי אויף גאָטס באַראָט,
קלויב אוים דעם בעסטן זעלנער פון דער שטאָט
און ליג מיט אים ביז דו וועסט געבערן
דאָס צווייטע קינד מיט ווייטיקן און טרערן.
אַ יעדער קין מוז האָבן וואָס צו טויטן —

גיי, דער הימל נעמט זיך רויטן . . ."

# איין ניי שיין ליד
# פון אייזיק וואַליך ווירמייסן

נון וויל איך זינגען איין לושטיק ליד,
שפריכט אייזיק וואַליך ווירמייסן.
בעפאָר עס ווירד דער מלאך המות
מיך פון דער ערדן רייסן.

בעפאָר עס ווירד דער מלאך המות
מיך פון דער ערדן פירן,
וויל איך שפּאַסן נאָך איין ווייל
מיט איינער היפּשן דירן.

די ליב איז גאָר איין לושטיק דינג
מיט לייכטן זין אונד זינדן,
זי שפּילט מיט אַלן בלינדע־קו
און לאָזט זיך שווערליך פינדן.

זי גורט אַלם איינע טויב אַלהי
און צישט אַלם איינע שלאַנגען
און איבער דיינען לויף און מי
איז דיר דיין טאָג פאַרגאַנגען.

דו בליקסט היניין אינם אָוונט-רויט:
וואו איז די ליב פאַרפלויגן?
די שאָטן-פילצל שטרייכלען דיר
די טרען אוים דיינען אויגן.

דו ציטערסט אַלס איין קינד אין וואַלד,
דאָס הערט זיין הערצכע שלאַגן
און מעכסט צום זעלביק טראָסטע דיר
אַלס צו דען בוימערן זאַגן:

די ליב איז גאַר איין אַרטיק דינג
און האַט גאר קיינע זינדן
און פינדסט דו זי ניט אויף דער ערד
ווירסט דו זי אַנדערש פינדן.

נון האַט דאָס שיינע ליד איין ענד
דאָס פון דער ליב געזונגען
און אַלס עס אייזיק קיטל מאַכט
איז עס מיר אויך געלונגען.

# היידל, דידל, דאַם

לאָמיר זינגען דאָס שיינע ליד
היידל, דידל, דאַם —
פליט די גאָלדענע פּאַווע
איבערן שוואַרצן ים.
און טראָגט אַ ליבע־בריוועלע,
אַ ראָזע ליבע־בריוועלע,
פאַר דעם רבינו תם,
פאַר דעם רבינו תם.

ווער האָט געשריבן דאָס בריוועלע?
היידל, דידל, דיי —
געשריבן האָט דאָס בריוועלע
די מלכה פון טערקיי.
געשריבן עס מיט רויטער טינט
און פאַר'חתמ'עט עס געשווינד
מיט הייסע טרערן דריי,
מיט הייסע טרערן דריי.

וואָס שטייט געשריבן אין בריוועלע?
היידל, דידל, דו —
„ראַבי אַ איך ליבע דיך,
וואָסזשע שווייגסטו, נו?

איך עסע ניש׳ און טרינקע ניש׳
און ווער צעזעצט פון בענקעניש
און האָבע נישט קיין רו,
און האָבע נישט קיין רו.

וואָס־זשע טוט רבינו תם?
היידל, דידל, דע —
ער קראַצט די פּיאות און די באָרד
און מאַכט דריי מאָל „פּע״.
און דאָס ציגעלע אין שטאָל,
העלפט אים אונטער „מע״,
העלפט אים אונטער „מע״.

נו און זי, די רביצין?
היידל, דידל, דוי —
זי קלאַפּט אים מיטן וואַלגערהאָלץ
און זאָגט צו אים אַזוי:
„שיקסעס ליגן דיר אין זין,
נו און יאַך, און יאַך וואו בין?
דיין היים געליבטע פרוי,
דיין היים געליבטע פרוי.

טרעפט ווער ס׳האָט דאָס ליד געמאַכט,
היידל, דידל, דאָס —
אַ שניידער־יונג האָט עס געמאַכט
צו להכעיס דעם רבינו תם.
שבת צווישן טאָג און נאַכט
און ס׳האָט אַ ליץ אַריינגעלאַכט
אַקוראַט צום גראַס,
אַקוראַט צום גראַס.

# באַלאַדע

צוויי בלייכע ייִדישע קינדער
שמייכלען אין אָוונט אַריין,
גוים זויפֿן אין טאַטנס שענק
בראָנפֿן, ביר און ווייַן —
און די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

זאָגט איין קינד צום צווייטן
„זע מירעלע, מיר דאַכט,
אַז אין גלח׳ס גאָרטן
איז שוין געוואָרן נאַכט.
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

דורך די שלאַנקע טאָפּאָליעס
קריכט אַ גיפֿטיקער ווינט
און ס׳בליצן דער נאַכט אַנטקעגן
די שאַרפֿע ציין פֿון הינט.
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

אַ פֿאַסטוכל טרייבט זיין סטאַדע
אויף רו אַהיים אין שטאַל
און אין זיין פֿייפֿל כליפּעט
אַ קראַנקע נאַכטיגאַל.
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

„אוי, האָט אונז דער פּריץ געשמיסן
מיט ריטער לאַנג און דין,
דער אַלטער מאָש וואַסילע
איז אַזש אַראָפּ פון זין.
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

און פּעטרע אַ לוי ניצע
האָט זיך געהאָנגען אין שטאַל" —
אַזוי כליפּעט אין פּאַסטוכס פייפל
די קראַנקע נאַכטיגאַל —
און די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

צוויי בלייכע ייִדישע קינדער
שווייגן אין אָווענט אַריין,
גוים זויפן אין טאַטנס שענק
בראָנפן, ביר און ווייַן —
און די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

זע, מירל, דאָרט ביים ברונעם
דעם היטערס טאָכטער שטייט
און שיט אויפן אַש-גראָען ווינט
שטילע טרויעריקע רייד.
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

„איך מוז . . . איך מוז . . . איך קען נישט —
נו, מאַמעשי, זיי געזונט
דער פּריץ האָט אויף מיר געהויערט
ביינאַכט אַזוי ווי אַ הונט".
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

זי בויגט זיך איבערן ראַנד אַריבער
און פֿאַלט אין ברונים אַריין
עדות: צוויי ייִדישע קינדער
און אַן אַלטער מאָכיקער שטיין.
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

צוויי בלייכע ייִדישע קינדער
שווייגן אין אָוונט אַריין,
גוים זויפֿן אין טאַטנס שענק
בראָנפֿן, ביר און ווײַן —
און די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

אַ טונקל-גראָער וואָלקן
פֿלאַטערט פֿאַרביי אַזוי מיד.
וואָלקן — אַן אָפּגעהאַקטער
קאָפּ פֿון אַ ייִד.
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

ציטערן ביידע קינדער
און האַלטן זיך ביי די הענט,
זיי האָבן אין דעם וואָלקן
דעם טאַטנס קאָפּ דערקענט.
די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

צוויי בלייכע ייִדישע קינדער
ציטערן אין אָוונט אַריין,
גוים זויפֿן אין טאַטנס שענק
בראָנפֿן, ביר און ווײַן —
און די האַק אין גאַרטל לויערט . . .

בוקאַרעשט, סעפּטעמבער 1934

# איין שיין ליד
# פון איין האָרבאַטע שניידערל

מאַכט דאָס האָרבאַטע שניידערל „בים"
און וואַרפט מיט דער נאָדל גיך
אין ווינקל ווײַנט דאָס קאָסאָקע ווײַב,
אַלעמאַי זי האָט נישט קיין שיך.

מאַכט דאָס האָרבאַטע שניידערל „באָם"
און איז זיך מלא פרייד,
ווײַנט אין ווינקל די עלטסטע מויד,
אַלעמאַי זי האָט נישט קיין קלייד.

מאַכט דאָס האָרבאַטע שניידערל: „מע"
להבדיל ווי אַ באָק,
ווײַנט אין ווינקל דער עלטסטער יאַט,
אַלעמאַי ער האָט נישט קיין ראָק.

מאַכט דאָס האָרבאַטע שניידערל „בים"
און בלײַבט זיצן ווי אַ תם,
ווײַנט אין וויג דאָס מיזיניקל,
אַלעמאַי ס'האָט נישט „האַם".

מאַכט דאָס האָרבאַטע שניידערל: „באָם"
און שיקט דעם לערן־יונג
איינס און צוויי אין לאָמבאַרד אריין
פאַרזעצן דעם קדושין־רינג.

און נאָכאַמאָל „בים" און נאָכאַמאָל „באָם"
און די זילבערנע נאָדל פליט
און איבער דער קליינער שניידער־שטוב
זשומעט דאָס שיינע ליד.

די קאָסאָקע שניידערקע זינגט „בים, באָם",
דאָס האָרבאַטע שניידערל „מע"
און די עלטסטע מויד מיט איר סאָפּראַן
פאַרפאָרט אַזש העט־העט־הע.

און דאָס מיזיניקל קלאַפּט צום טאַקט
מיטביידע הענטלעך „באָם"
אַ ספק צי די מאַמע וועט האָבן שיך,
אָבער איך וועל האָבן „האָם".

# שפינען

טיפער הארבסט. אניעלא, דו זעסט
דאָס שפּיל פון די שוואַרצע שפּינען,
וואָס פלאָנטערן זיך אין שפּינגעוועב
און קענען זיך נישט געפינען?

איך האָב זיי אומישנע אויסגעטראַכט,
אַ שפּיל פאַר דיר און פאַר מיר,
כ׳האָב ליב צו זען ווי ס׳קריכט די פּיין
אין אַזאַ נאַכט אויף אַלע פיר.

דו וויינסט? איז גוט. אַזאַ געוויין
גיט צו דעם שפּיל — עפעקט,
אַביסעלע העכער! דער שכן קלאַפּט,
דו האָסט אים אויפגעוועקט.

„גוט נ׳אָוונט, דאָקטאָר!" קומט אַריין,
איר זענט אַזוי מאָדנע בלאַס,
גלייך איר וואָלט פאַרלוירן דאָס גרויסע געווינס
אויף דער פראַנצישקאַנער-גאַס.

אָט איז אַ שטול! מיר שפּילן זיך דאַ
אין מאַטערן ביז צום טויט
אַ הייפל שפּינען. אין פענצטער בליצט
די הארבסט-לבנה רויט.

„גוט נ'אָוונט מאַדאַם!" גוט, וואָס איר זענט
געקומען צו דער ריכטיקער צייט,
נאָך צוויי סעקונדן און מיר וועלן זען,
ווי דער מלאך המות רייט —

האָפּ, האָפּ, גאַלאָפּ אויף זיין שוואַרצן פערד —
אַלץ נענטער צו אונז אַהער
און טרעפן וועט ער, — כאַ, כאַ, מאַדאַם —
אַ הייפל ווערים און נישט מער.

אַזאַ שפּיל, מאַדאַם, איז גוט פאַר דעם,
וואָס גלויבט נישט מער אין גאָט,
ער ווישט פון'ם חלום אָפּ די האַק
און דעם קאָפּ פון'ם עשאַפאָט.

דער טויט ווערט נישטיק, גראָ און קליין
און דו שרעקסט זיך פאַר אים נישט מער
און פינקלט אין דיינע אויגן אַ טרער,
איז דאָס נאָר אַ רחמנות־טרער.

ס'איז וואונדערליך אָט דאָס דאַזיקע שפּיל —
פאַרוואָס האָט איר נישט געלאַכט?
קומט מאָרגן ווידער! כ'האָב אַ שענער שפּיל
מיטן טויט זיך אויסגעטראַכט.

## ליד

איך ווייס, אַז דו וועסט אַוועקגיין,
ווען די שטערן אויפֿן דאַך
וועלן אויסגיין אין אייגענעם זילבער
און די שוואַלבן וועלן ווערן וואַך.

און איך וועל אַ באָרוועסער שטיין
פֿאַר דיין בילד אויף דער וואַנט
און פֿילן אַ מאָדנעם ציטער
אין מיין רעכטער האַנט.

פֿאַר די אויגן וועט בליצן אַ מעסער
און אַ פֿייערל אַ רויטס,
אין ווינקל וועט וויגן דאָס מזל
אין וויג אַ קינד אַ טויטס.

אין צימער וועט פֿאַרשמעקן
מיט בלאָקייט און געוויין,
מיט באָרוועסע טריט, וואָס ווייסן
נישט וואוהין צו גיין.

# אברהם גאָלדפאַדן אויף דער עלטער

דר. שמואל מאַרגאָשעס

זיי זענען זיך צעפלויגן,
ווי די פייגל איבעראַל,
די פייגל, וואָס כ'האָב געכאָוועט
ביי שמעון מאַרעק אין שטאַל.

איבערן ים זענען זיי געפלויגן
און געוואָרן דאָרט „אָלרייט"
און העלפן דעם אַלטן טאַטן
האָט מען נישט קיין צייט.

צי קענען זיי דען נישט פילן,
צי קענען זיי נישט פאַרשטיין:
די עוולה פון לאָזן דעם טאַטן
אויף דער עלטער אַליין?

כ'האָב די הענט זיך אָפגעשריבן,
קיין ענטפער זיך נישט דערוואַרט,
היינט האָב איך דאָס לעצטע רינגל
פאַרמשכונט אין לאָמבאַרד.

איך שלעפ זיך איבער די גאַסן
אין מיין אַלטער פעלערינע —

ס'אַרא תירוץ וועל איך זאָגן
מיין גוטער, געטרייער פוילינע?

זי זיצט מסתמא ביים פענסטער
אין איר טערקישן שאַל און וויינט,
אָ, ליבער הער־גאָט אין הימל —
נישט דאָס האָבן מיר געמיינט.

העי, פלאַקער פייערל, פלאַקער,
ס'איז ווינטער און ס'איז קאַלט
און איך און מיין געטרייע פוילינע
מיר זענען מיד און אַלט.

העי, פלאַקער פייערל, פלאַקער,
לויכט אויף פאַר אונז דעם נס —
די שיינע טעאַטער־יאָרן
פון יאַס און פון אָדעס.

און ביים שיין פון יענע בילדער,
איצט ווען כ'בין אַלט און אַליין,
לערן מיך אָן כעס, אָן שנאה
דעם גאַנג דעם לעצטן גיין.

# קין

הבל איז טויט. זיין כאָרכלען גייט
מיר נאָך פּיס-טריט. אַ דין געוויין
ציטערט הינטער מיר. איך שטיי אַליין
הינטערן באַרג, ווו די זון פאַרגייט.

דאָרט, ווו די מיטן-נאַכט פאַרשפּרייט
אירע ברוינע פליגל, וועל איך שטיין
געבויגן נעבן טייך, פאַרקריצט די ציין.
דער משפּט גייט און איך בין גרייט.

דער ערשטער כהן האָט די ערשטע שאָף
אַ קרבן דיר געבראַכט, יהוה, הער —
אויב ס׳קומט אַ שטראָף דערפאַר, טאָ, פאָטער, שטראָף!

נאָר פון׳ם הימל פאַלט אַראָפּ אַ טרער:
קין, מיין קינד, נעם, באַוואוין דאָס לאַנד
און פאַרמער דיך ווי שטערן און ווי זאַמד.

# באַלאַדע פּאַוויע 10

די טאָכטער פון סטרוזש אויף פּאַוויע צען
פליסטערט צום טרויעריקן פּאַסטוך אין טרוים:

„דו געדענקסט, ווען איך בין געווען
אין אונזער דערפל אַ קאַרשבוים?

ווי איך האָב געציטערט און געבליט
ביים מינדסטן קלאַנג פון דיין אָוונט־ליד".

שווייגט דער פּאַסטוך און לאָזט זיך גיין,
פאַרשטעלט איר דעם וועג איר דין געוויין:

„גיי נישט, דער טאַטע שטייט און היט
און לויערט אין הויף אויף דיינע טריט.

ער ווייסט, אַז דו קומסט אַ יעדע נאַכט,
כאָטש מיר און טויער זענען צוגעמאַכט".

שמייכלט דער פּאַסטוך און זיין שמייכל פאַלט,
ווי אַ שטערן אין נאָוועמבער־וואַלד.

ער זעצט זיך אַנידער אויף איר בעט
און גלעט איר בלאָנדן קאָפּ און רעדט:

„ווי איך האָב דיך ליב, ווי איך האָב דיך האָלד,
דיינע האָר זענען גאָלדענער פון גאָלד.

פון זינט דו ביזט פונ׳ם דאָרף אַוועק
זענען לאַנג די נעכט און טריב די טעג.

די גראָע שפּערלען אויף אונזער דאַך
פּלאַפּלען וועגן דיר אַ סך, אַ סך.

און דער מינדסטער ווינט, וואָס קומט פון סטעפּ,
ברענגט מיר דעם ריח פון דיינע צעפּ.

מיין אַלטע מאַמע איז בלויז געווען
איבער דיין גורל אין דער שטאָט פון שטיין.

זי צינדט יעדן אָוונט אָן אַ ליכט
פאַר דיין נשמה — אַ גאָלדן ליכט.

ברענט עס אין גרינעם קלויסטערל, מיין קינד,
ביז ס׳פאַרלעשט עס דער מאָרגן-ווינט״.

— — — — — — — — — — — —

כ׳האָב היינט געזען אַ דאָרפיש מיידל-העמד
פלאַטערן אויף אַ שטריק פאַרשעמט און פרעמד

און כ׳האָב פאַרפאַסט דאָס דאָזיקע ליד
צו זינגען מיטן ניגון, וואָס אויפן יריד

זינגט אים דער בעטלער מיט דער לאָמער האַנט —
זיין זינגען איז אַלעמען וואויל באַקאַנט.

און ווער ס׳האָט אַ שענערן ניגון — דער מעג
אים זינגען אין אָט די טריבע טעג.

## CALIGULA

צעזאַר קאַליגולאַ שטייט פאַרן שפּיגל,
אין שפּיגל דעמערט אַ קיניגרייך:
„ווער איז דאָס מיידל דאָרט מיטן קריגל,
וואָס נידערט אַראָפּ צום טייך?"

„דאָס מיידל אין שפּיגל, אימפּעראַטאָר?
די טאָכטער וואַנזיניוס, דעם פּאָעט".
קאַליגולאַ שמייכלט: „ביי אַלע געטער —
די בתולה איז צייטיק פאַרן בעט".

זיין פּנים וואָלקנט: „העי, סענאַטאָרן,
לויפט און ברענגט מיר די בתולה אַהער!"
די סענאַטאָרן שפּרינגען אין שפּיגל,
לויפן און סאַפּען און אָטעמען שווער.

קאַליגולאַ צאָרנט: „שנעלער, קאַנאַליעס,
שנעלער — איר אַלע שפּילט מיטן טויט".
זיי לויפן שנעלער. דאָס מיידל אַנטלויפט,
די לבנה אין שפּיגל ברענט רויט.

דאָס מיידל בלייבט שטיין. די האָר אירע בלענדן
די קליידער פאַלן אַראָפּ פון איר גוף,
זי קניט פאַר וואַלד, פאַרן ווינט, פאַרן וואַסער
און הויבט זיך שוויינגנדיק אויף.

די סענאַטאָרן ציטערן, שטאַמלען:
„אין נאָמען פון מעכטיקן הערשער פון רוים
פירן מיר דיך, דו שיינע וואַנזיניאַ,
אַריבער איבער דער גרענעץ פון טרוים".

קאַליגולאַ שמייכלט: זיי פירן זי נאַקעט,
ער שליידערט אַראָפּ די קליידער, דאָס העמד.
די קרוין זיינע שימערט, פינקלט, בליצט
אַנטקעגן דעם מיידל פון דער פרעמד.

נענטער און נענטער. די האָר אירע בלענדן.
„העי, שקלאַפן, פלינקער! גרייט צו דאָס בעט"!
ער הויבט די האַנט: „געגריסט זיי, וואַנזיניאַ!
דו, טאָכטער וואַנזיניוס דעם פּאָעט".

לבנה סעפּטעמבערט איבער די שויבן,
נאַכט־וואַכן שפּאַנען אַהער און אַהין,
רוים שלאָפט און זעט נישט די פלעדערמויז,
וואָס שאָטנט איבערן פּאַלאַטין.

## באַלאַדע

אין תפיסה־הויף די תליה שטייט,
דער תלין שטייט און וואַרט . . .

„תלין, נעם און טו דיין פליכט!"
ברענט בייז דעם פּראָקוראָרס געזיכט.

דער תלין שטייט און וואַרט:
„דער מערדער שרייבט אַהיים אַ בריוו
צו זיין מאַמען אין דאָרף

און איך דאַרף טויטן נאָר זיין גוף
און נישט דעם שטאַמל פון קינד".

אַ קאַלטער ווינט שניידט דורך דעם הויף
דעצעמבער־שאַרף,

דער תלין שטייט און וואַרט . . .
„תלין, נעם און טו דיין פליכט!"
ברענט שאַרף דעם פּראָקוראָרס געזיכט.

„דער יונגער מערדער קניט אין צעל
און מורמעלט אַ געבעט

און איך דאַרף טויטן נאָר זיין גוף
און נישט זיין בלאָ געבעט".

אַ קאַלטער ווינט שניידט דורך דעם הויף
דעצעמבער־שאַרף,
דער תלין שטייט און וואַרט . . .

„תלין, נעם און טו דיין פליכט!"
ברענט רויט דעם פּראָקוראָרס געזיכט.

דער תלין שטייט און וואַרט:
„דער יונגער מערדער ווײנט אַצינד
אין תפיסה־צעל אַליין

און איך דאַרף טויטן נאָר זיין גוף
און נישט זיין ווייסע טרער".

אַ קאַלטער ווינט שניידט דורך דעם הויף
דעצעמבער־שאַרף,

דער תלין שטייט און וואַרט . . .

# שונד־ראָמאַנס

און איצט, מיינע ליבע לעזערין,
וועל איך דיר זינגען אַ שונד־ראָמאַנס:
. . . עס האָט פּאַסירט כ״ז אב
אין רייכן האָטעל „דע פראַנס״.

ער — איין מארקיז דע־פּאַמפּימפּי
און זי — איין אָרעמע מויד,
ער האָט זי באַגעגנט זאַמסטאַג פרי
הינטער דעם שטערן־פּלויט.

ער האָט פאַר איר געקניט און געזאָגט:
„דו ביזט מיין ענגל, מיין גליק״
עס וואַר, ווי געזאָגט, כ״ז אב
הינטער דער שטערנבריק.

זי האָט אים געצערטלט און געקושט
און געזאָגט איין וואָרט נאָר: „אַך!״
(די פרויען, ליבע לעזערין,
זינד נעמליך צאַרט און שוואַך).

ער האָט זי גערופן: „שרה׳לע קרוין״
און זי אים — „ליבער האַנס״
עס וואַר, ווי געזאָגט, כ״ז אב
אין רייכן האָטעל „דע פראַנס״.

איצט לאָזן מיר אונזער פּאָרל אַליין
און מיר גייען קיין בעלעוויל,
דאָרט ליגט די מאַרקיזע דע־פּאָמפּימפּי
און כליפּעט אויפן דיל.

זי כליפּעט: „מאַמע, מאַמעשי קרוין,
באַשער מיר גיכער דעם טויט —
עס האָט מיך פאַרראַטן דער פאַלשער מאַן
מיט דיזער סמאַרקאַטער מויד".

זי הויבט זיך אויף און נעמט דעם קינדזשאַל
און לאָזט זיך אַנטשלאָסן גיין . . .
(איצט, מיינע ליבע לעזערין,
איז צייט צו כאַפּן אַ וויין).

ווייל ביידע אַנען מיר דעם סוף —
דער גאָלדענער אינדערפרי
טרעפט די שיינע שרה'לע טויט
ביים מאַרקיז דע־פּאָמפּימפּי.

קורץ וואַר דאָס קליינע מענטשלעכע גליק
פון שרה'לע און האַנס —
עס האָט פּאַסירט כ"ז אב
אין רייכן האָטעל „דע פראַנס".

# אַ יונגער טאָג

אַ יונגער טאָג פֿאַרשווענדט זיין ליכט
אויף אַלטע און פֿאַרשטויבטע וועגן —
איך טרעט אויף טראָפּנס זון און שטויב
און שוואַלבן פֿלאַטערן מיר אַנטקעגן.

די גראָע וועגן זענען קלוג —
זיי טרינקען טראָפּנס גאָלד און שווייגן,
נישט איינמאָל האָבן זיי געזען
אַ טאָג פֿאַרבלוטיקט צווישן צווייגן.

זיי ווייסן: כיטרע איז די נאַכט —
זי ציטערט, שרעקט זיך פֿאַר געראַנגל,
נאָר ווען דער טאָג איז אָפּגעשוואַכט
פֿון זיך פֿאַרשווענדן, קומט די נאַכט
און פֿאַרמעסט זיך אין געראַנגל.

און ס׳ראַנגלט, ראַנגלט זיך דער טאָג
און — ניין און — ניין, ער וויל נישט שטאַרבן.
אַ רגע — און אָט דאַכט זיך דיר,
אַז ער פֿאַרפּלייצט די וועלט מיט פֿאַרבן.

די זאַנגען ציטערן אין פעלד,
די וועגן שווייגן שטילע, גראָע,
זיי ווייסן שוין דעם סוף פון קאַמף
און האָבן פון דעם שפּיל הנאה.

און אָט, אָט, גוססט שוין דער טאָג
אויף אָוונט-וואָלקנס — זיין געלעגער —
און ס׳שאַרן זיך אַרום דעם מת
די שוואַרצע, שטומע מיטה-טרעגער.

צדקה תציל ממות . . .

## לאָרעליי

לאָמיר זאָגן: איינס,
איידער ס'ווערט צוויי —
פאַרן ראָטהויז אויפן מאַרק
שטייט אַ פּאָליציי.
שטייט ער, גייט ער, שטייט ער, גייט ער
און די לאַנגע וואָנציעס דרייט ער,
אַלעמאָל אַ דריי.

לאָמיר זאָגן: צוויי,
איידער ס'ווערט דריי —
אין אַ טויער מיטן סטרוזש
שלאָפט די לאָרעליי.
און אַ פויגל אויפן דאַך
פּיפּסעט הייזעריק און שוואַך:
„אים שיינעם מאָנאַט מײַ".

לאָמיר זאָגן: דריי,
איידער ס׳ווערט פיר —
סאַרכעט פון דעם אַלטן סטרוזש
מיט בראָנפן און מיט ביר.
און די לאָרעליי — זי וויינט:
„גאָט, נישט דאָס האָב איך געמיינט,
אָך און ווי איז מיר״.

לאָמיר זאָגן: פיר,
איידער ס׳ווערט פינף —
„ווייַן נישט, כ׳וועל דיר איבער־וואָך
קויפן אַ פּאָר שטרימף״.
וויינט זי דאַווקע: „מאַמע מיינע
שוין נישטאָ דער יונגער היינע״...
קלינגט דער זייגער פינף.

לאָמיר זאָגן: פינף
איידער ס׳ווערט זעקס,
ווערט אין כעס דער אַלטער סטרוזש:
„וואָס, דו אַלטע העקס,
האָסט אַ צווייטן איצט דערמאַנט?״
און ער, הויבט די שווערע האַנט:
טראַך! „דו אַלטע העקס״.

לאָמיר זאָגן: זעקס,
איידער ס׳ווערט זיבן,
שטייט דער דיקער פּאָליציאַנט,
דעם פּראָטאָקאָל געשריבן:
„הורן, מאַכן איין סקאַנדאַל,
דאָנערוועטער נאָך איין מאָל . . .״
קלינגט דער זייגער זיבן.

לאָמיר זאָגן: זיבן,
איידער ס׳ווערט אַכט —
בלאָזט דער מאָרגן־ווינט אַוועק
די לעצטע רעשטלעך נאַכט.
און פון גראָען תפיסה־הויז
קוקט די לאָרעליי אַרויס —
נישט פאַר אייך געדאַכט.

לאָמיר זאָגן: אַכט,
איידער ס׳ווערט ניין —
אויף די דעכער פינקלט, בליצט
און אַ שאָלטיק — אַ יאָר אַכט
פייפט אַ זונשטראַל אויס און לאַכט:
„אין טאַטן דיר אַריין!״

בערלין, 1933

# ליד

שיינדלען

די לבנה זילבערט מיין פענסטער,
אַ פויגל פלאַטערט פאַרביי —
טשיריק, טשיריק —
ס'איז מאַי,
אָבער נאָך נישט דער שענסטער.

מיין שוועסטער אין נאַכט-העמד
לייענט אַ מעשה וועגן גליק,
די ביימער אינדרויסן צוויטן —
דאָס גליק וואוינט תמיד אין דער פרעמד,
זאָל גאָט עס באַהיטן.

מיין טויטע מאַמע קומט אַריין,
זי טראָגט אַ סאַמעטן קלייד,
אירע האָר זענען פול מיט לבנה־שיין.
זי גייט
צו מיין שוועסטער צו:
„נו, שיינדעלע, נו —
די חופה וואַרט און דו, דו ליינסט?
קום, כלה, קום . . . דו וויינסט?"

די לבנה ליכטיקט, ווי שניי
איך עפן די אויגן. ווו זענען זיי?
אויפן טיש ליגט דער ראָמאַן,
דער ווינט מישט איבער די בלעטער,
פונדערוויטנס הודזשעט אַ באַן.

די נאַכט ווערט טיפער, שפעטער
מיין שוועסטער קומט צוריק:
ווו איז די מאַמע? ווו איז דאָס גליק?

זי שווייגט, זי וויינט.

דער ווינט האָט די מעשה וועגן גליק
דערווייל איבערגעלייענט...

# אידיליע

מיטן-נאַכט. אויף דער טונקעלער וואַנט
קריכט אַ ווייסע לבנה-שפּין.

אַ שניידער-געזעלן זיצט איינגעהאָרבעט
איבער דער אַלטער ניי-מאַשין:

לייבעלע בעקער? ער איז דאָך געפאַלן
ניינצן פערצן אין וואָלין —



ער שטעפּט און זינגט: „די גאָלדענע פּאַווע
האָט פאַרלוירן צו איר שאַנד,

האָט פאַרלוירן די גאָלדענע פּעדער
אין אַ פרעמדן לאַנד".

מיין טויטע מאַמע שטייט הינטער דער טיר
זי וויינט, אַז קיינער זאָל נישט הערן:

„אַזאַ שלימעזאַלניצע, נעמט און פאַרלירט
די גאָלדענע פּעדער". אירע טרערן

רינען בסתר. און מיר איז גוט
פּונקט ווי ס'איז מיר אַמאָל געווען,

אַמאָל, אין אַ ווייסער לבנה־נאַכט,
אין טויזנט ניין הונדערט צען.

# די קראען

אָקטאָבער. אַ דולער פויגל שרייט
דורך דיינע קילע, רעגנדיקע נעכט,
אויפן שאַנד-סלופּ הענגט דער גלויבער אין די שטערן
און מיט שאַרפע ווינטן פייניקט אים דער קנעכט.
כ׳צינד אָן מיין בלינדן נאַכט-לאַמטערן
און לאָז זיך מיט אַ שטילן ציטער גיין
צום וואַלד, ווו ס׳וויינט די בלאָנדע פרוי
אַליין, אַליין און זיבן מאָל אַליין.

די קראָען פלאַטערן — זאָלן זיי פלאַטערן
איבער מיין לעבן און מיין געמיט,
זיי קענען נאָר אַ שיינעם חלום פּטר'ן,
דעם שענסטן חלום און דאָס שענסטע ליד.
נאָר צו דעם געוויין אין דעם ברוינעם וואַלד
ווילט זיך מיר רעדן, ווי צו אַ קינד:
נו שאַ! נו שאַ! נו הער שוין אויף צו וויינען,
אַ שאָד די טרערן פאַר די שטערן און די הינט.

איך קען דעם צער פון אַ טראָפּן גליק געפינען
און קושנדיק עס, ווייסן אַז ס'וועט פאַרגיין,
אָפּט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עמעץ גייט מיט מיר
און כסדר בין איך געבליבן מיט מיין שאָטן אַליין.
פאַר אים וועל איך אַמאָל מיין ווידוי זאָגן,
דעם געקרויזטן חוזק פון מיין ראַנגלען זיך צום ליכט,
און אפשר אין די לעצטע גסיסה־שעה'ן
וועלן די שטערן קושן מיין פאַרגייענדיק געזיכט.

דערווייל פלאַטערן די קראָען — זאָלן זיי פלאַטערן
איבער מיין לעבן און מיין געמיט,
זיי קענען נאָר אַ שיינעם חלום פּטר'ן
דעם שענסטן חלום און דאָס שענסטע ליד.
דערווייל ציטערט אין מיין האַנט דער נאַכט־לאַמטערן
איך גיי און אפשר וועל איך נאָך דערגיין
צו יענעם וואַלד, ווו ס'וויינט די פרוי
אַליין, אַליין און זיבן מאָל אַליין.

# אָקטאָבער

אָקטאָבער. אויפֿן טונקעלן שליאַך
גיכע, איילנדיקע טריט,
אַ פֿאַסטוך שפּילט אויף זיין געוויין:
„העי, חבר, נעם מיך מיט!

איך קען נישט בלייבן מער אין טאָל,
ווען די וואַראָנע פֿליט
און פּיקט מיט דעם שאַרפֿן שנאָבל אויס
דאָס סאַמע האַרץ פֿון ליד".

נו שאַ, נו שטיל, די טונקעלע טריט,
זיי וועלן באַלד פֿאַרגיין
און ס'וועט דער בלאָנדער פֿאַסטוך־קאָפּ
שטאַרבן אויף אַ שטיין.

און זי, די קראַנקע פרוי פון וואַלד,
אין שוואַרצע טרויער־שיך,
וועט דרייען זיך אַרום דעם שטיין
און רעדן שטיל צו זיך:

„מיין קינד, מיין חלום און מיין צער,
מיין ווילד־פאַרלוירן קינד,
פאַר זיי בין איך געוועזן — פלאַם,
פאַר דיר אַליין — בלויז ווינט.

כ׳האָב אין דיין בענקשאַפט נישט געגלויבט,
איצט גלויב איך אין דיין טויט —
זע, ווי ס׳בליצט אין מיינע האָר
די האַרבסט־לבנה רויט.

נאָר, ניין, דו קענסט די רויטע וואונד
אין מיינע האָר נישט זען
און ווי אַ שאָטן וועסטו נאָר
דורך מיין זכרון גיין.

ביז כ׳וועל אַמאָל דערהערן שפּעט
דיינע שטילע טריט
און שליידערן וועל איך מיין געוויין:
— העי, חבר, נעם מיך מיט!

און ס׳וועט דיין שאָטן מיט אַמאָל
ווערן אַ געשטאַלט
און שטאַרבן וועט ביי דיינע פיס
די קראַנקע פרוי פון וואַלד״.

# דער משולח

דער אַלטער משולח מיטן שטעקן אין דער האַנט
זעט, ווי ס׳טונקלט דער אָוונט אויפ׳ן שליאַך.
און הערט די זילבערנע ווידוי פונעם טייך,
וואָס שלענגלט זיך אַוועק צום טונקלען לאַנד.

און אַלץ, וואָס איז מאָדנע פרעמד און אומבאַקאַנט,
לאַכט אויף מיט ווינט, מיט שטערן און מיט ליד.
אַ שוואַרצער שמעטערלינג פלאַטערט אויף און פליט
און לעגט זיין אַגאַני דעם זקן אויף דער האַנט.

דער אַלטער משולח לאָזט זיך איילּיג גיין
און נעמט מיט מיט זיך דאָס זילבערנע געוויין
פון פעלד און טייך, פון סטעפּעס און פון היילן.

און שפּעט באַנאַכט, ביי אַ צאַנקנדיקן ליכט,
וועט ער זיצן שטום מיט אַ דערשראָקענעם געזיכט
און פון זיין סוד וועט ער קיינעם ניט דערציילן.

# די מאַמע

די מאַמע וויגט דאָס וויגל מיד און מידער
(אָוונט אויף דער שויב — אַ בלאָער וואואַל).
דער מאַמעס אויגן זענען פול מיט לידער,
וואָס שעפּן טרויער פון איר שוואַרצן שאַל.

די מאַמע זיצט אין שאָטן און דאָס וויגל
באַוועגט זיך ריטמיש אין אַ ווייסן ליכט.
אין מאַמע־גבול אַ טונקלער שאָטן קריכט . . .
נאָר איבערן וויגל פאָכן ווייסע פליגל.

— אַזוי נאָנט צום באַריר און אָפּגעטיילט.
הער, מאַמע, וואָס די שוואַרצע שויב דערציילט.
און וואָס ס׳פאַרשווייגט דער טונקלער ווינט.

דערפאַר, דערפאַר און טאַקע נאָר דערפאַר
ווייל ס׳בליט אין דיר די שוואַרצע בלום פון צער
וואָס טיילט דיך אָפּ פון מלכות פוג׳ם קינד.

# יאַם

דו, אַלטע שטאָט, מיט ווינקלדיק־קרומע גאַסן.
אין דיינע פענצטער בליט דער אָוונט אויף מיט טויזנט פאַרבן.
אין וואַנדער אום אַליין און ס׳שפּינען זיך דמיונות,
וואָס בליען, ווי די זונען־בלעטער און זיי שטאַרבן.
און ס׳קלינגען מיינע טריט מיט מידע עכאָס אויף די שטיינער
און קיינער שמייכלט ניט צו דעם אָוונט, קיינער.

ביים אָפענעם פענצטער זיצט אַ מיידל,
און זינגט: „איך האָב אויף דיר אַזויפיל געוואַרט"
און ס׳צאַפּלט איר נשמה מיטן ריטם פון די אָוונטכמאַרעס
„צו האָסטו מיך, ליובינקער גענאַרט?
און ס׳ברענען אירע אויגן שוואַרץ, פאַרקלערט און מיד,
און ס׳שפּילט דער אָוונט־ווינט מיט טרויס און ליד.

פון דער שטילער אָוונטיקער מיידל־בענקשאַפט
אָטעמט צו מיר מיין מאַמעס טרויער.
איבער מיר ווערט דאָס פענצטער בלאַסער,
און אונטער מיר דער אָוונט טונקל־גרויער.
און שאָטנס וועבן זיך, וויגן זיך, און שפּינען
דעם צער, וואָס וויינט נאָך פאַרלוירענע זונען.

און אין דער טונקל וועבן זיך געשטאַלטן,
וואָס האָבן דעם גאַסן־שטויב אויף זיך געטראָגן.
הונגעריק, בלייך און פריילעך — נאַכט־וואַגאַנטן
מיט ווינט אין די האָר און הונגעריקן מאָגן.
און אײנער הייבט דעם כוס און הויבט אָן זינגן. —
ווי בלאָע אָוונט־גלעקער זיינע לידער קלינגען.

דער זבאַרזשער וועלוול — כ׳האָב אים באַלד דערקאָנט
אָן זיינע לעבעדיקע גרויסע אויגן.
אין דעם שטויביק־טונקל־גרינעם פראַק,
דעם קאָפּ וואויל־ייִנגיש אויף אַ זייט געבויגן —
„קום נור אַהער, דו פילאָזאָף!״ און ער לאַכט
שכור פון שטערן, וויין, ווינט און נאַכט.

און ווייטער געוואַנדערט . . . און אין דער ווייט.
ווערן די געשטאַלטן ווי רויך צערינען.
אַ גאַס־לאַמטערן ציטערט פאַרן אויג,
וואָס הוידעט שאָטנס און וואַרפט זיי טיף אין ברונען,
וואָס שטייט אַקעגן מאָכיג, טונקל־גראָ,
און שפּינט געשפּענסטיש אוים אַ וואַנדער קראָ.

דו, אַלטע שטאָט, מיט פינקלדיק־קרומע גאַסן,
פון דיינע פענצטער שטראָמט אַ זים דערמאָנען.
דאָ האָט געבליט טרובאַדורן־ליד און לייד
און ס׳בליען נאָך זכרונות, וועלכע וויאַנען
אין יעדן פענצטער, וואָס ברענט אין בלייכן שיין
און וויגט דעם וואַנדערער מיט בענקשאַפט איין.

# די באַלאַדע פון די שמייכלען

פינצטערע האַרבסט־נעכט מיט פאַקלען אין הענט
צינדען אויף פאַרמעטענע הימלען אַן
רויטע לבֿנה׳ס, וואָס שמייכלען און שטאַרבן.

בעטלער־קינדער אויף פינצטערן שליאַך
קלייבן די שמייכלען אין טאָרבעס אַריין
וואָס ציטערן גראָ אין די דאַרע הענט.

וואַקסט פאַר זיי אויס אַ בלייכע געשטאַלט
וואָס שטרעקט זיין מאָגער־געשפּענסטישע האַנט:
„שענקט אַ שמייכל מיין טרויריק געמיט”.

וויינען די קינדער מיטן ווינט:
„אונזערע היימען זענען בלייך,
אויף אונזערע שויבן בליט קיין שמייכל ניט”

און פינצטער קוקט דאָס בלייכע געשטאַלט,
ווי ס׳שלינגט דער נעפּל די קינדער איין —
דער נעפּל, וואָס בליט אויפן פינצטערן שליאַך.

# האַנט

מיין פענצטער בלאָ און שטיל,
נאָר טונקל איז מיין וואַנט.
איך שפיגל אָפּ מיין האַנט
אויף פענצטער און אויף וואַנט.

אויף פענצטער בלאָ און מיד —
האַלב אָוונט, און האַלב ליד.
האַלב בענקשאַפט און האַלב טרער,
נאָר אומעטיק און שווער
הענגט זי אויף דער וואַנט.

איך האָב זיי באַלד דערקאַנט —
מיין פחד אויף דער וואַנט,
וואָס אָטעמט טיף און שווער;
מיין טרויער אויף דער שויב —
האַלב אָוונט און האַלב טרער.

# פרילינג אין פּאַרק

נאַכט אין פּאַרק, די ווייסע רויזן
דופטן סם און אָטעמען שווער.
ס'ציטערט אויף די דינסטע טרער
אין טונקלער טיף פון מיין געמיט.
און טרער איז לייד, און טרער איז ליד.
אַ פויגל פלאַטערט אויף און פליט —
אַ רגע אומרו דורך דער נאַכט.
מיין בלוט קלינגט הייזעריק און שווער,
און ס'רינט דער ווינט דורך מיינע האָר.
ווער איז דאָ נאַכט? און ווער איז קינד?
און וואָס איז קלאָר?

זיג-זאַג — אַ בליץ! און אַ געדאַנק
שניידט טיף זיך אין די נערוון איין.
דאָס בלוט איז רויט, און רויט דער וויין,
און רויט דער שטילער זונפאַרגאַנג.
דורך טונקלע בלעטער בליצט אַ שלאַנג,
און ווערט צערינען אין דער נאַכט.
אַ רגע בליץ אין פּאַרק, און ס'האָט
אַנטפּלעקט זיך מענטש און שלאַנג און גאָט,
און אַלע דריי האָבן אין מיר געלאַכט.

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

נאַכט אין פּאַרק, די ווייסע רויזן
דופטן סם און אָטעמען שווער.

# אין פענסטער

פון נאַכט־מויל שטראָמען טונקלע וועגן אויס,
נאָר אין מיין פענצטער שפּילט אַ זונפאַרגאַנג,
וואָס גיסט די פאַרבן אין מיין יונגן בלוט.
און אַז דאָס בלוט שטראַלט פאַרביק אויף און לאַכט,
דערקענט דאָס אויג דעם תוכן פון דער נאַכט,
און דעם זין פון שאָטנס אויף דער ערד.

פון נאַכט־מויל שטראָמען טונקלע וועגן אויס,
און יעדער טראָפּן פורעמט זיך — אַ שלאַנג.
נאָר אין מיין פענצטער פינקלט וויאָלעט
אַ שטיל פאַרטראַכטער זונפאַרגאַנג.
און אין די פאַרבן שוועבט מיין נאַכט־געדאַנק,
וואָס זוכט די פאַלדן פון דער אייביקייט,
ווי אויסצואוויינען דאָרט מיין שטויביקייט,
און ליכט צו טרינקען פאַר מיין קראַנקער פרייד.

און טיפער ווערט די נאַכט. און מיט אַמאָל,
צערינט מיין וויאָלעטער זונפאַרגאַנג,
און אויפן פענצטער בלייבט אַ שווארצער פלעק,
וואָס פלאַטערט, ווי אַ פויגל־פליגל, וואָס איז קראַנק.
צינד איך דעם שווארצן פלעק מיט פייער אָן,
ברענט ער, ווי ס׳ברענט אַ רגע פיבער־ליכט,
און אין איין רגע ברען, האָט אויסגעברענט
אַ רגע גלויבן אין מיין בלייך געזיכט.

פון נאַכט־מויל שטראָמען טונקלע וועגן אויס,
וואָס ציען זיך אַוועק, ווי געשפענסטער־הענט
שטום צום האָריזאָנט, וואָס ליגט, ווי בליי
אויף דער פלייצע פון לעצטן נאַכט־גיגאַנט,
וואָס שטייט געבויגן ביי דעם לעצטן ראַנד
פון ערד אין חלום און שגעון . . .

# לבנה

אויפגעהאַנגען אויף די צווייגן
די לבנה ווייס, ווי קרייד.
טראָגט אין ווייסן מידן שמייכל
שטילע בענקשאַפט צו דער ווייט.

קראַנקער פויגל צווישן בלעטער
ברייט די פליגל אויסגעשפּרייט.
הערט דאָס רופן פון דער ווייטקייט
פול מיט ציטער און מיט פרייד.

שטיל אַ רגע. מידע פליגל
טוען ווילד אַ פאָך, אַ הויב!
און דערשראָקן די לבנה
פלאַטערט אויף — אַ ווייסע טויב.

כאַפּ איך זי פאַר אירע פליגל,
לויף — אַ ווינט צום טייך אַוועק,
און דערטרענק זי אין דער טיפקייט,
און באַפריי איר ווייסע שרעק.

# ווייסע באַלאַדע

אַ רויטער פויגל שניידט דורך די נאַכט,
און לאַנג פאַלט זיין שאָטן איבערן סטעפּ.
ס׳בלוטיקט דער שאָטן. געצלמטע צעפּ.
געשפּענסטישע, ווייסע, געפייניקטע בערד.
ס׳וויינט אַ באַנדורע. ס׳הירזשעט אַ פערד
מאָנאָטאָן און פאַרצויגן אין ווינט אַריין.
שפּילן רעפלעקסן פון בלוט און פון וויין —
העי, באַטיושקאַ פּעטליוראַ!

— זע מאַמעשי, זע דעם פויגל, וואָס פליט!
איז ער פון פייער, איז ער פון בלוט?
ס׳טריפן די פליגל מיט טרערן.
— זיי רואיק קינד? זיי שטיל און שווייג.
— ווער גייט? ווער באַוועגט? — אַ דערשראָקענער צווייג
באַרירט פון דער נאַכטיגאַלס טרעלן.
— וואַרג אים אָפּ, וואַרג אים אָפּ, דעם סאַלאָוויי!
— זיי האָבן דערהערט, אָט קומען זיי.
— ס׳ציטערט די ערד אונטער זייערע טריט,
— באַשירם אונז, גאָט, באַשירם! באַהיט!
— העי, גאָט פון ישראל!

ס׳פיבערט, ס׳איז קאַלט. העי, וואַניושקאַ!
העי, שאַרפער דאָס פייער געצונדן.
פונקען שפריצן גאָלדיק און רויט.
די פערד צו די שטאַמען געבונדן,
ווערן באַגאָסן מיט פייער און שיין.
די באַנדורע פאַרשיכורט פון בלוט און פון וויין,
כליפעט אי טרויריק אי פריילעך —
העי, באַטיושקאַ פעטליוראַ!

זע, מאַמעשי, זע דאָס פייער, וואָס ברענט,
און ווינקט אונז אַהינצו צו גיין.
— זיי רואיק, קינד, דאָרט פייערט דער טויט.
— פאַרקריכט אין די שאָטנס. דער שיין פאַלט אויף אונז,
מען וועט אונז נאָך תיכף דערזען.
— ווער פיבערט? ווער וויינט? — ס׳וויינט דער ווינט,
וואָס קען זיך קיין אָרט ניט געפונען.
— וואַרגט אים אָפּ! וואַרגט אים אָפּ, זיי האָבן דערהערט.
וואו וועלן מיר איצטער אַנטרינען?
העי, גאָט פון ישראל!

ס׳צאַנקט דאָס פייער אין וויטן סטעפּ,
און ס׳ציטערן בלוטיקע פונקען.
פלאַקערן אויף מיט אַ גרינלעכן שיין,
און ווערן אין חושך פאַרזונקען.
„העי, וואָלגאַ, וואָלגאַ!״ — ברייט און שווער,
שטורעמט דאָס ליד איבערן סטעפּ אַהער.
די לבנה בליצט אויף — אַ צעשטאָכן אויג.
דער סטעפּ ווערט געשפּענסטישער, בלאַסער.
— ווער גייט? ווער באַוועגט? — די נאַכט אַליין
קרייציקט זיך איבערן וואַסער.
— העי, באַטיושקאַ פעטליוראַ!
— העי, גאָט פון ישראל!

# די באַלאַדע פון די וועגן

פאַר
פאָול גאָלדמאַן

איבער גראָע וועגן פאַלט די נאַכט.
ווי אַ רויטער כשוף־לאָמפּ ברענט לבנה אויף איר שטערן,

און די קרומע, גראָע וועגן הערן,
ווי דער אומזין דורך די בוימער לאַכט.

גייט אַ וואַנדערער, זיין טריט איז מיד,
זיין קלייד איז שוואַרץ, ווי זיינע האָר, וואָס שפּילן מיטן ווינט.

און ס'וויינען זיינע טריט מיט טרערן פון אַ קינד,
וואָס בענקט און בעט ביים וועג אַ וויגליד.

און ס'זינגט דער ערשטער וועג:
דער שטויב, וואָס בליט אין מיינע האָר,
דאָס איז דאָס וויגנליד, וואָס האָט געבליט
אין דיין מאַמעס אויג. נעם מיט דעם שטויב
דורך דיינע איינזאַמע, וואָגלדיקע יאָר.

און ס'זינגט דער צווייטער וועג:
דער שטויב, וואָס בליט אין מיינע האָר,
דאָס איז דער טרוים, וואָס האָט געבליט
אין דיינע אויגן. נעם מיט דעם שטויב
דורך דיינע איינזאַמע, וואָגלדיקע יאָר.

און ס'זינגט דער דריטער וועג:
דער שטויב, וואָס בליט אין מיינע האָר,
דאָס איז דער טונקל-גראָער סוד,
וואָס וועט פאַרוווישן דיינע טריט,
און וועט באַהעפטן דיך מיט גאָט,
און גאָט — איז פרייד.

איבער גראָע וועגן פאַלט די נאַכט.
ווי אַ רויטער כשוף-לאָמפּ ברענט לבנה אויף
און די שטילע, גראָע וועגן הערן,
ווי די פרייד אַדורך די ביימער לאַכט.

## די באַלאַדע פון דער נאַכט

האָט איינער דעם קאָפּ צו דעם צווייטן געטוליעט,
און איינער האָט שטיל די פאַרוויאַנעטע ליפּן געעפנט
און דערציילט . . . און דערציילט . . . ווי דערשראָקענע האָזן,
האָבן די ווערטער זיך שטיל אין דער פינצטער פאַרלוירן.

מיט שנעלע דערשראָקענע טריט, האָט די טיר זיך געעפנט.
פאַר זיי איז די נאַכט אַ פאַרווירטע געשטאַנען,
און הינטער איר האָבן זיך ווילדע געשרייען געצויגן
פון היסטערישע קינדער און דערשראָקענע מאַמעס.

„זי האָט אונזער חלום פאַרווירט, די שוואַרצע־ווילדע בעסטיע.
פאַרביקע שטערן האָט זי אין אונזערע טרוימען געצינען,
זענען די פאַרבן דורך אונזערע בלוטן גערינען
און די בלוטן פאַרסמט״.

האָט איינער די האַק אויפגעהויבן,
די האַק, וואָס איז ביי דער זייט אים געלעגן.
אַ הויב! און דער קאָפּ פון דער נאַכט האָט אַוועק
זיך געקוילערט
דורך רוים און דורך וואָלקנס און בלוטיקע שפּורן געלאָזן
פאַר דער אייביקער בענקשאַפט און דעם אייביקן טרויער.

# אַלבאָם פאַר גענייאַ

א

## האָמער

אָדעסעום זיצט ביים פייער —
פּענעלאָפּעס שטילע הענט
שפּינען געטריי. די טראָפּייען פון טראָי
בלענדן פון אַלע ווענט.
דער ווינט וויינט טיף אין קוימען —
אין דער האַרבסטיקער רעגן-נאַכט
וואָגלט אַרום דער בלינדער באַרד
וואָס האָט זיי אויסגעטראַכט.

ב

## סאַפּפאָ

ווילד בליען די רויזן אין לעסבאָס,
דער ווינט איז קילער זייד —
אין גאָרטן אַ שטיינערנער עראָס
צילט זיין פייל אין דער ווייט —
איך בין אַ פרעמדער אין לעסבאָס,
וואָס אָנט מיט שטילער פרייד:
די פרוי מיט דער גאָלדענער לירע,
אַ בילד אין דער אייביקייט.

ג

## פּאָזע

דער הויקער דערציילט אַ משל
ביים מלך קרעזוס אין הויז.
דער משל שלאָפט איין ווי אַ קעצל
ביי דער קיניגין אויפן שוים.
דער הויקער פאַרלאָזט דעם פּאַלאַץ
און שאַרט זיך אַרום אין פעלד.
דאָרט חזר'ט ער איבער דעם משל
און ס'הערט אים די גאַנצע וועלט.

ד

## אַנירע

אַ קלאַנג פון פאַרלאָשענע צייטן,
אַ ליד, צוויי-דריי שורות, ניט מער.
אַ פּנים מיט ליכטיקע אויגן
און נאָענט ווי אַן אייגענע טרער.
ווי ווייט איז פון דאָרטן ביז דאַנעט?
אַ שמייכל, אַ זיפץ און ניט מער,
אַ גריכיש שיקסל פון ניינצן
און נאָענט ווי אַן אייגענע טרער.

# אַ ליד וועגן דעם דיאַן דזשאָנאַטאַן סוויפט און דעם יידישן גראַמען־מאַכער איציק מאַנגער

פאַר

מרס. ראָוז מאַרגאָשעס

לעש אויס אין מיין פענצטער די שטערן
און זאָל זיין שאַ און שטיל.
פאַרשטאָפּ דעם פּיסק דער גריל
און פאַרהאַמעווען די טרערן.

דער דיאַן פון סען פּאַטריק
זיצט ביי מיר צו גאַסט
ער האָט דעם צונג פאַרפּאַסט
קיין ליליפּוט צוריק.

ער גריזשעט אַ קינדערשע פּולקע
באַשמירט מיט גרינעם מושאַר,
ער פאַררויכערט אַ ציגאַר
ווייל ס'איז פאַרשטאָפּט די ליולקע.

איך זאָג צו אים: ר' יהונתן
אונזער אַלטער פריינט, דער טייוול,
הייסט זינט נעכטן ר' פּייוויל
און איז ווידער אַמאָל אַ חתן.

דער דיאַן עפנט אַ פלאַש
און טרינקט מיט איר „לחיים"
פאַר די שדים פון מצרים
און פאַרבייסט מיט אַ המן־טאַש.

ער זאָגט: איך וועל אים שיקן
סטעלאַס גילדערנע בראָש,
זי וועט זיך באַגיין יאַקאָש
אָן די דאָזיקע „גאָלדענע גליקן".

און פאַר זיין מציאה דער כלה
וועל איך שיקן וואַנעטאַס א טרער
וואָס דאַרף די ידידיה דען מער
און וואָס מער האָבן מיר אַלע?"

ער שווייגט. ביים נאָענטן וואָקזאַל
פייפט דער צוג קיין ליליפוט,
ער טוט אָן דעם צוקניטשטן הוט
און פאַרוויקלט דעם האַלז מיטן שאַל.

ער גייט. „אַ גוטן, ר' איציק!"
די סעפּטעמבער-לבנה איז גרויס
איבער דעם שכנ'ס הויז
און זי חוזק'ט „איציק-שפּיציק"...

צינד אָן אין מיין פענצטער די שטערן,
ס'איז צופיל שאַ און שטיל,
גיב לשון צוריק דער גריל
און באַפריי די טרערן...

# ליבשאַפט

מיט איי ליו ליו און איי ליו ליו
קען מען אַ קינד פאַרוויגן.
נאָר ווער ס'האָט באמת ליב
געפינט אַן אייגענעם ניגון:

„שוואַלבן זענען שיין אין פלי
נאָר שענער פון זיי אַלע
איז דאָס מיידל פון נישט-הי
וואָס וועט זיין מיין כלה.

ווי דער קאַרשנבוים אין בלי
חנ'ט אַריבער אַלע —
אַזוי חנ'ט אַריבער זי
וואָס וועט זיין מיין כלה.

ווי אַ פרילינג אינדערפרי
רויטלט זיך פאַר אַלע —
אַזוי שעמעוודיק איז זי
וואָס וועט זיין מיין כלה.

ווי די טויב אין אָוונט-גלי
הייליקט איבער אַלע
אַזוי צנועה'דיק איז זי
וואָס וועט זיין מיין כלה.

זינגט די ליבע אַ געזאַנג
וואַרט זי אויף אַ ווידערקלאַנג
וואַרט און וואַרט . . .
יאָ גענאַרט? ניט גענאַרט?
און ס'ציטערט שוין אַ טרער . . .
פּלוצים, הער!

נישט קיין ריטער נישט קיין פּרינץ
איז ער מיין באַשערטער.
רוף איך אים ביים נאָמען שטיל
פונדערווייטנס הערט ער.

איך קען אייך זאָגן אַקוראַט
וואָס ער פילט, וואָס קלערט ער,
ווייל ס'רעדט זיין האַרץ צו מיר
פּשוט און אָן ווערטער.

פאַלט אין מיין חלום שטיל אַ טרער
ווייס איך — אַ פאַרטרערטער
קושט אַ שמעטערלינג זיין רויז
וואָס עפנט זיך: באַגערטער!

וואָס איך שווייג און זאָג נישט אויס
פילט ער, און דערהערט ער —
איך בין אין גערטנדל די רויז
און ער איז — מיין באַשערטער".

מיט איי ליו ליו און איי ליו ליו
קען מען אַ קינד פאַרוויגן
נאָר ווער ס'האָט באמת ליב
געפינט אַן אייגענעם ניגון.

# פאַרכּישופט

רבותי, לאַכטס נישט אָפּ פון כּישוף,
גאָט זאָל אייך באַהיטן —
כ'האָב געלאַכט ווי איר, און פרעגט נישט
וואָס איך האָב געליטן.

דאַכט זיך וואָס און ווער — אַ מיידל
דאַכט זיך וואָס? צוויי שוואַרצע אויגן
און דערצו אַ נאַריש לידל
פון אַ פּאַווע וואָס געפלויגן.

און דאָ רבותי ליגט דער כּישוף,
ווי צו מיינע יאָרן.
ס'איז מיין האַרץ — אַ רויז צעפלאַטערט
און די ליבשאַפט איז דער דאָרן.

כ'רעד צו אַ ווינט ווי אַ מטורף:
— ווינט דו גוטער, חבר ליבער,
נעם מיין זיפץ, מיין גרוס מיין בענקשאַפט
נעם און טראָג עס איר אַריבער.

נאָר דער ווינט דער האָלעדריזניק,
זאָגט: איך בין דיר נישט קיין שמש —
ער לעגט דעם פינגער צו צום שטערן:
„ברודערל, ס'איז דאַכט זיך תמוז".

ער הויבט די פּיס און „הולך מרדכי" —
כ'הער אים רוישן אין די גראָזן;
כ'הער אים פּלאַפּלען צווישן בוימער
יאָגן זיך נאָך קליינע האָזן.

כ'הויב דעם קאָפּ אַרויף צום הימל
און זע — די זילבערנע מאַטראָנע
אויף איר אַלטן נאַכט־שפּאַציר —
פֿאַרנויג זיך און זאָג: לבנה,

„כ'בין פֿאַרכישופט מיט אַ כישוף
און כ'קען זיך נישט קיין אָרט געפינען
ערשט געכטן נאָך — געווען מיושב
און היינט בין איך אַראָפּ פון זינען.

„ס'איז אַ מעשה מיט אַ מיידל
ס'איז אַ מעשה מיט צוויי אויגן
און דערצו אַ נאַריש לידל
פון אַ פּאַווע וואָס געפלויגן".

נאָר די פּריצה זילבערט ווייטער
צווישן טויזנט קליינע שטערן,
און זי לאָזט מיך מיט מיין כישוף
אַנגסטן, טרוימען און טרערן.

רבותי, לאַכטס נישט אָפּ פון כישוף
גאָט זאָל אייך באַהיטן —
כ'האָב געלאַכט ווי איר, און פרעגט נישט
וואָס איך האָב געליטן.

# לילית און מאָניש

פֿאַר
ישראל לאָנדאָן

לילית שטייט פֿאַרן שפּיגל
און צעקעמט אירע בלאָנדע האָר.
איר נאַקעטער קערפּער ליכטיקט,
אַ חלום אויף דער וואָר.

מאָניש ליגט אויף דער סאָפע
און רויכערט אַ ציגאַרעט;
אַנטקעגן איבער ציכטיקט
און תאווה׳עט לילית בעט.

לילית זינגט: די ליבע
פֿרילינגט ווי אַלע מאָל,
אַ שניי־בלום אין די בערג,
אַ ווילדע רויז אין טאָל.

די שניי־בלום און די רויז,
זיי זענען פון גאָט אַ פּאָר.
אַ זיווג מן השמים
פאַר׳שדכנ׳ט אין מיינע האָר״.

טראַכט מאַניש: „אַזוי פיל שיינקייט
און אַזאַ שלעכטער שם.
דערפאַר ווייל נישט נאָר דעם עלוי,
נאָר אַפילו דעם סמך מ״ם

נעמט אַרום איר ליבשאַפט,
וואָס איז אי שיין, אי גרויס,
אי צנועה׳דיק אי זינדיק
אַ שניי־בלום און אַ רויז״.

לילית זינגט: „די ליבע
זומערט דורך דער וועלט;
אַן אָדלער אין די הויכן,
אַ קאָרן־בלום אין פעלד.

אַ מיל־טייך אין אַ דערפל
וואָס חלומ׳ט פון אַ ים —
אַ וואָרט אַ קליינס, עניוות׳דיק
וואָס ציט זיך ווי אַ גראַם.

אַ לילית און אַ מאַניש,
אַ פּאַלאַץ און אַ קלויז.
צוויי גופן און איין פייער,
אַ שניי־בלום און אַ רויז״.

# אונטער די חורבות

אונטער די חורבות פון פוילן
אַ קאָפּ מיט בלאָנדע האָר —
דער קאָפּ און סיי דער חורבן
ביידע זענען וואָר.
דאַליע, מיינע דאַליע.

די זינדיקע פוילישע פּריצה
האָט באַצאָלט איר שטראָף,
זי וועט מסתמא געלייטערט
אויפשטיין פון איר שלאָף.
דאַליע, מיינע דאַליע.

איבער די חורבות פון פוילן
פאַלט און פאַלט דער שניי,
דער בלאָנדער קאָפּ פון מיין מיידל
טוט מיר מסוכן וויי.
דאַליע, מיינע דאַליע.

דער ווייטיק זיצטביים שרייב טיש
און שרייבט אַ לאַנגן בריוו,
די טרער אין זיינע אויגן
איז אמת'דיק און טיף.
דאַליע, מיינע דאַליע.

איבער די חורבות פון פוילן
פלאַטערט אַ פויגל אום
אַ גרויסער שבעה-פויגל,
ער ציטערט מיט די פליגל פרום.
דאַליע , מיינע דאַליע.

דער גרויסער שבעה-פויגל
(מיין דערשלאָגן געמיט),
ער טראָגט אויף זיינע פליגל
דאָס דאָזיקע טרויער-ליד.

# יעקב'ס חלום

(יעקב שלאָפט אויף אַ שטיין. דריי מלאכים קומען אַראָפּ פון דער לייטער. איינער אַ גראָבער מיט שווערע וואַטאָווע פליגל, אַ גאָלדענע קייט מיט אַ גרויסן מעשענעם זייגער אַרום בויך. דער צווייטער, אַ לאַנגער אַ דאַרער, מיט אַ קנאָפּ אין גאָרגל. דער דריטער — אַ קליין מלאכל, אַ שלים מזל. ס'שלעפּט זיך אים נאָך אַ גאַטקע בענדל.)

ערשטער מלאך: פּססס...
דריטער מלאך: שטיל
צווייטער מלאך: מאַכטס נישט קיין ליאַרעם,
רב גבריאל עץ זעט דאָך, אַז יעקב אבינו פּאָפּט.
ערשטער מלאך: חמור! אַן ערל פּאָפּט, אַ צדיק שלאָפט.
דריטער מלאך: האַ?
צווייטער מלאך: וואָע?
דריטער מלאך: ר' יאנקעניו איז מיד.
געקומען ווייזט אויס פון אַ ווייטן יריד.
ערשטער מלאך: ווייס איך וואָס איר דבר'ט רב מיכאל —
מיט אייער חומש האַלט עס זייער שמאָל.
דריטער מלאך: שייך אָ? פון וואַנען־זשע דען קומט אַ ייִד,
אַז נישט פונעם לענטשעווער יריד?
ערשטער מלאך: ער איז אַנטלאָפן פון עשו, דעם כוליגאַן.
דריטער מלאך: צופוס גאָר? פאַרוואָס נישט מיט דער באַן?
צווייטער מלאך: מן־הסתם נישט געהאַט אויף קאַ בילעט.
ערשטער מלאך: ווייס איך וואָס איר פּלאַפּלט דאָרטן עט!
הערט בעסער אויס און זייט נישט איינגעשפּאַרט,
ער האָט וואַזשנע דעם טאַטן אָפּגענאַרט.

דריטער מלאך: דעם טאַטן? ווער איז דער טאַטע? ווער?
ערשטער מלאך: זיין טאַטע איז יצחק אבינו דער
בלינדער,
וואָס גאָט האָט אים באַשערט צוויי צאַצקעס קינדער,
רייסן זיי זיך כסדר ביי די האָר.
(צו רפאל)
איר האָט געגאָסן ר׳ רפאל — אַ סימן וואָר.
דריטער מלאך: אָפּגענאַרט דעם בלינדן טאַטן —
מען מעג?
ערשטער מלאך: מען מעג, מען מעג, געהערט אַ פרעג?
אַ צדיק ווי יעקב אבינו מעג!
דריטער מלאך: איצט ליגט ער נעבעך אויף אַ האַרטן
שטיין און אַז ער וועט זיך אויפכאַפּן, וואו וועט ער גיין?
ערשטער מלאך: עם־הארץ, נעם דאָס חומשל און לייַ׳ן,
וועט דיר שוין אַלצדינג ווערן קלאָר.
צווייטער מלאך: ער איז טאַקע גערעכט,
כ׳זאָל שוין האָבן אַזאַ יאָר.
אין חומש שטייט: ויצא, ער איז געגאַנגען,
געגאַנגען און געגאַנגען און געגאַנגען . . .
דריטער מלאך: ווער?
ערשטער מלאך: אַ מלאך ביזטו? אַ לעקיש בער!
דער אַלטער אויבן זאָל זיך עם דערוויסן . . .
דריטער מלאך: וואָס בין איך שולדיק אַז געצל דער ווינט
האָט די פרשה „ויצא" אויסגעריסן?
ערשטער מלאך: אַז דו ווייסט נישט, גולם,
שווייג און הער!
צווייטער מלאך: טאַקאַ, טאַקאַ, וואָס וועט זיין דער מער
מיט׳ן צדיק ר׳ יעקב, כ׳וויל עס וויסן כ׳לעבן.
ערשטער מלאך: דאָס וויל איך איהנען דערציילן עבן;
נישט ווייט פון דאַנען וואוינט לבן זיין פעטער, וואָס
כאָטש ער דינט צו טויזנט געטער איז ער אַ וואַזשנער
פּאַסקודניאַק.
דריטער מלאך: טאַק, פּאַנאָוויע, טאַק, טאַק!
ערשטער מלאך: האָט דער דאָזיקער לבן צוויי
דערוואַקסענע טעכטער

איינע אַ שאַנהייט, די צווייטע אויף לייטיש געלעכטער,
די שיינע הייסט רחל, די מיאוסע הייסט לאה . . .
דריטער מלאך: זעט ווי דער ווינט שפּילט מיט יעקב׳ס
אַ פּאה . . .
צווייטער מלאך: תמיד האַקט ער איבער אינמיטן
א לא יצלח, א מלאך זאָל גאָט באַהיטן.
ערשטער מלאך: הקיצור, מיינע ליבע מלאכים, הערט.
אָט דער יעקב וועט עם ליגן ביי לבנ׳ן אין דר׳ערד ביז
גאָט וועט העלפן ער וועט זיך דערשלאָגן . . .
צווייטער מלאך: (נעמט אַרוים דעם זייגער פון דער
קעשענע.) ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן, ס׳איז
שוין שפּעט, מען דאַרף אָנצינדן די שטערן.
ערשטער מלאך: אינגאַנצן פאַרגעסן,
אַז נישט געדאַכט זאָלט עץ ווערן.
(ער זוכט די שוועבעלעך אין אַלע קעשענעס).
דריטער מלאך: נאָט אייך די שוועבעלעך נאָט אייך, נאָט!
ערשטער מלאך: שטילער, שטילער, וועקט נישט אויף
דעם יאָט! ווייל איידער ר׳ יעקב הויבט אָן צו ראָמאַנסירן
מוזן מיר קודם דעם הימל דעקאָרירן.
(ער צינדט אָן מיט די שוועבעלעך די שטערן).
דריטער מלאך: (נעמט אַרוים די לבנה פון דער הינ־
טערשטער קעשענע) איצט נאָט אייך די לבנה, ר׳ גבריאל,
כ׳האָב זי אָפּגעשווענקט אין טייכל ביי דער מיל, זי פינקלט
איצט ווי אַ שפּאָגל־נייע.
(ר׳ גבריאל הענגט אויף די לבנה).
צווייטער מלאך: אוי, ווי שיין, מאַמעלעך געטרייע!
(זיי זאָגן שלום עליכם)
— שלום עליכם!
— עליכם שלום!
— שלום עליכם!
— עליכם שלום!
(זיי פאַרשווינדן).
(יעקב כאַפּט זיך אויף פונעם שלאָף. רייבט די אויגן, קוקט זיך אַרום
פון אַלע זייטן).

געלויבט צו גאָט, שוין איבערגעקומען דעם חלום.

# די באַלאַדע פון איוב דעם תבואה־סוחר

צו איוב דעם תבואה־סוחר
גענענט דער ערשטער שטאַפעט:
„דיין ווייב האָט זיך אויפגעהאַנגען
אויף אַ האַקן איבערן בעט!"
בויגט איוב דעם קאָפּ און זאָגט:

„ביים וואַסער שטייט אַ ווערבע,
די ווערבע איז איינגעבויגן,
אויף דער ווערבע זיצט אַ סאָווע
מיט גרויסע, טרויעריקע אויגן".

גענענט דער צווייטער שליח:
„רב איוב, אַ מאַלעער,
דיין איידעם, דער מתמיד דער עילוי,
איז אַוועק מיטן מיליטער".
בויגט איוב דעם קאָפּ און ער זאָגט:

„ביים וואַסער שטייט אַ ווערבע,
די ווערבע איז איינגעבויגן,
אויף דער ווערבע זיצט אַ סאָווע
מיט גרויסע טרויעריקע אויגן".

גענענט דער דריטער שליח,
אַ ליטוואַק מיט אַ „סין״ :
„די עגונה, דיין טאָכטער סיינדל,
איז אַראָפּעט פונעם זין״.
בויגט איוב דעם קאָפּ און ער זאָגט :

„ביים וואַסער שטייט אַ ווערבע,
די ווערבע איז איינגעבויגן.
אויף דער ווערבע זיצט אַ סאָווע
מיט גרויסע, טרויעריקע אויגן״.

גענענט דער פערטער שליח
און טרייסלט מיט די הענט :
„אַ שריפה, ר׳ איוב, אַ שריפה,
האָט דיינע שפּייכלערס פאַרברענט !״

בויגט איוב דעם קאָפּ און זאָגט :
„ביים וואַסער שטייט אַ ווערבע,
די ווערבע איז איינגעבויגן.
אויף דער ווערבע זיצט אַ סאָווע
מיט גרויסע, טרויעריקע אויגן״.

און איוב דער תבואה־סוחר,
ניין איוב דער אָרעמאַן!
דרייט זיך אום ווי אַ שאָטן
מיטן שטעקעלע ביי דער באַן.

און ס'פייפן די לאָקאָמאָטיוון:
„ביים וואַסער שטייט אַ ווערבע,
די ווערבע איז איינגעבויגן.
אויף דער ווערבע זיצט אַ סאָווע
מיט גרויסע, טרויעריקע אויגן".

קען איוב דאָס פייפן נישט ליידן,
ווערט ער אַליין אַ סאָווע און פליט
אַראָפּ צו דער ווערבע ביים וואַסער
און זינגט פאַר דער ווערבע דאָס ליד
מיטן ניגון פון „איוב" אין חדר:

„ביים וואַסער שטייט אַ ווערבע,
די ווערבע איז איינגעבויגן.
אויף דער ווערבע זיצט אַ סאָווע
מיט גרויסע, טרויעריקע אויגן".

## צו מיין ברודער נטע

דער אָוונט אין דער פרעמד טראָגט אַ קויטיק העמד,
און אַ וואונד אין האַרץ, וואָס קיין דאָקטאָר קען נישט היילן,
וואָס זאָל איך זאָגן, זינגען און דערציילן,
ווען אַלץ אין מיר איז צוטרעטן און פאַרשעמט?

וואו ביזטו, וואו ביזטו איצט, מיין ברודער
דו וואָס האָסט מיט מיר געליטן און געשטרעבט,
אינאיינעם מיט מיר חלומות אויסגעוועבט,
וואָס בין איך אָן דיר? אַ שיפל אָן אַ רודער?...

דער אָוונט אין דער פרעמד פאַרכליניעט זיך מיט טרערן,
און גרוים און טרויעריק זענען אַלע שטערן,
די בשורה-ברענגער פון מיין וואונד און וויי.

אויף די ווערבעס פון מיין היים-לאַנד זיצן טריבע סאָוועס,
זיי היטן די קברים פון מיינע אבות,
מיין אידישן טרויער איבערן סלאַווישן שניי . . .

# זיין עקסעלענץ מיין טאַטע

אַט שטעלסטו פאַר מיר אין דער האַנט דעם כוס מיט ווײַן
און זינגסט מיר אָפּ דיין לעבן אין וואונדערלעכע גראַמען,
דו באַדויערסט דעם פרייען טויט פון דער מאַמען,
דער אָוונט ביי דער שויב האַלט דעם אָטעם איין.

אַרום דיין קאָפּ גייט אויף אַ הייליקער שיין,
וואָלסטו אים געזען, וואָלסטו אים גענומען „אויפן זיכער",
ווי איך, מיינע חלומות אין אַלע מיינע ביכער,
און צום סוף אים געגעבן אין טאַטנס טאַטן אַריין.

יאָ עקסעלענץ, דו גוטער אַלטער שניידער-מייסטער,
איך באַשווער דאָ אין דער פרעמד אַלע גוטע גייסטער,
צו היטן און באַהיטן דיינע מידע טריט — —

און כאָטש איך בין „אַ לייט", נאָר פון די „אָרימע לייט",
ווי דו האָסט מיר אויף דייטשמעריש „פּראָפּעצייט",
נעמסט דיך מיין ליד אין ווייטע צייטן מיט.

# מיין מאַמע

דער שבת קודש בענקט נאָך דיינע אײדעלע הענט
(אין די מעשענע לייכטער אויסגעברענטע שבת־ליכט)
דער טויט האָט זינט לאַנג פאַרשאָטנט דיין געזיכט,
די מאַמעס פונעם חומש טרויערן ביי די ווענט.

דאָס „גאָלדענע ציגעלע" אונטער מיין חרוב'ער וויג
בענקט די נשמה אוים נאָך דיין וויגן־ליד,
מיט געבראָכענע פליגל די „גאָלדענע פאַווע" פליט
און טראָגט אין איר שנאָבל דאָס פאַלשע פינגערל „גליק".

נאָר גאָט איז דאָ, דער גאָט פון דיינע אויסגעוויינטע נעכט,
דו האָסט דערציילט מיר, ער איז גרויס און אומגערעכט
ווייל ער פייניקט זיינע באַשעפענישן אויף דער ערד.

דיין גלויבן און דיינע טענה'ס קלינגען נאָך אין מיר,
ווען איך טראַכט איצט פון דיין קבר און איך טראַכט פון דיר
און צאָל דיר אָפּ די טרערן, וואָס דו האָסט געטרערט.

# מיין שוועסטער שיינדעלע

אַז ס'וואַקסט אַ שיינע שיינדעלע אין אַן אָרעמער שניידער־היים
איז טאַקע אַלעמען ליכטיק, וואויל און גוט.
גינגאָלד ווערט דעם טאַטנס מעשענער פינגערהוט.
ס'בילד פון דער באָבע שיינדל שמייכלט אין דער ריים.

די זומער־פייגל זינגען אויף אונזער אָרימען דאַך.
די מאַמע שפּאָרט אַפּ „אַל דאָס גוטס" פאַר איר,
די „גאָלדענע פאַווע" וואַרעמט זיך פאַר דער טיר
און פאַרליבטע מלאכים שטייען אויף דער וואַך.

איצט איז דער פרילינג הונגעריק, דער ווינטער קאַלט,
און טרויעריק די מעשיות וועגן „ברוינעם וואַלד",
וואו די שיינע שיינדעלע פאַלט פאַרמאַטערט פון די פיס.

זי רופט דער מאַמעס גאָט, זי באַשווערט אַ נס
דער וואַלד איז אַרומגערינגלט פון ס. ס.
און די פייגל אויף די בוימער זענען פרעך און מיאוס.

# די באַלאַדע פונעם שטאַרבנדיקן קריסטאָפער מאַרלאָו און דעם ייִד פון מאַלטאַ

פאַר

א. טאַבאַטשניק

ווער איז די ווילדע געשטאַלט
וואָס שאַרט זיך נעבן בעט
פון דעם קראַנקן פּאָעט,
צעשויבערט ווי דער וואַלד?

דער דיכטער פיבערט: אַלאַס,
ס'איז ער דער מאָנסטער־ייִד,
איך דערקען זיינע שטילע טריט,
וואָס ווילסטו, באַראַבאַס?

די געשטאַלט שווייגט. אין איר האַנט
בליצט אַ מעסער שאַרף,
זי מורמלט שטיל: מען דאַרף
פאַרטיליקן די שאַנד.

דו האָסט מיך אויסגעטראַכט,
באַרוישט פון וויין און זנות,
און איצט וויל איך און מוז
ווערן דיין לעצטע נאַכט.

דער דעצעמבער־ווינט ציילט אויס
דריי שפּאַרבערס אויף דער שויב —

מיט שנאָבלען שאַרף ווי רויב
און לעשט זיי ווידער אויס.

דער דיכטער פּיבערט: אַלאַס,
מיין וואָר געוואָרן וואָרט.
איך שרעק דיין רויטע באָרד
מיין גורל — באַראַבאַס.

נאָר ס'ציטערט די געשטאַלט,
פון רייד פון צער און שפּאָט:
בעת כ'האָב געחלומט: „גאָט",
האָסטו געחלומט: „וואַלד".

פאַר דיר בין איך דער וואַלד,
די חיה און דער רויב,
פאַר „אים" בין איך אַ טויב,
אַ תּפילה דורות־אַלט.

דער דעצעמבער־ווינט גייט שאַרף
אַרום דעם אַלטן הויז,
און ס'שפּילט אַן אכזר גרויס
אויף מאַרלאָו'ס ווילדער האַרף.

# קאַזאַנאָוואַ

ווינ זיך גאָנדאָל פון ווענעציע,
כ׳בין דער יונגער קאַזאַנאָוואַ,
קופּיד ער איז מיין יעהאָוואַ,
און מיין געטין הייסט לוקרעציע.

לוקרעציע אָדער הענריעטע,
ראָזאַליע אָדער מאַרקאָלינע,
אַמאָל איז זי אַ שטאָלצע פּריצה,
אַמאָל אַ פלאַטערל פון דער בינע.

אַמאָל איז זי אַ פרומע נאָנע,
וואָס שרפה׳ט אונטערן פרומען שלייער.
אַמאָל איז זי אַ שטילע דאָרפמויד,
וואָס גיט זיך אויפן שטרוי אין שייער.

אַמאָל איז זי אַ קורטיזאַנע,
וואָס פראַקטיקט אין איר קאַלטער שיינקייט,
צווישן קאָלערס. נאָר זי פיבערט
ווען אַליין מיט איר אַליינקייט.

אַמאָל אַזוי . . . אַזוי . . . נאָר תמיד
איז זי ווענוס די באַגערטע,

ביים באַגעגענען — אַ צעשטראַלטע
ביים געזעגענען — אַ פאַרטרערטע.

כ'האָב אויף הונדערטער געלעגערס
אָפּגעשפּילט מיין שיר השירים,
מיט נימפעס פון די בודואַרן
מיט ווייבער פון די שענסטע גבירים.

מיט שוואַרץ און בלאָנד-געלאָקטע דינסטן,
וואָס סאַרווערן אין די אַכסניות,
מיט קליינע פלעכע באַלערינעס,
אין אַקטיאָרישע קאָמפּאַניעס.

וויג מיך גאָנדאָל פון ווענעציע,
כ'בין דער אַלטער קאַזאַנאָוואַ,
וואו איז קופּיד — מיין יעהאָוואַ,
און וואו די געטלעכע לוקרעציע?

כ'האָב מיין לעבן דורכגעוואונדערט
נאָכאַמאָל אין די מעמואַרן,
צווישן ליבע, שפּיל, געפאַרן
אין דעם אַכצנטן יאָרהונדערט.

# גראַם שטראָם פאַר נטע

**א**

„עלע מעלע יאָסטע
וויפיל טויבן האָסטע?"

„דריי פאָר טערקל-טויבן
דאַנק און גאָט צו לויבן!"

„ס'אַראַ פאַרבן האָבן זיי,
און ווי הויך פליען זיי?"

„איין פאָרל איז פון זילבער,
דאָס צווייטע איז פון גאָלד,
דאָס דריטע פאָרל האָב איך מיר
אין דמיון אויסגעמאָלט".

„און ווי הויך פליען זיי?"

„איין פאָרל — איבער דעכער,
דאָס צווייטע פאָרל העכער,
די וואָלקנס, און אַריבער".

„און דאָס דריטע?"

„דאָס דריטע ווייסט נישט קיינער
חוץ מיר און נאָך אָן איינער,
דאָס דריטע איז אַ סוד.

קומט צו שחרית תּפֿילין זיי
מנחה־מעריב שפּילן זיי:
איינער איז אחד!
איינער איז אחד!

ב

איציק שפּיציק, גייט־מיט־דיר,
לויף און קויף אַ פֿלעשל ביר.

לויף און קויף אַ פֿלעשל וויין,
וועלן מיר אַלע פֿריילעך זיין.

לויף איך, קויף איך, קום צוריק,
זע איך עפּעס אַן אַנטיק:

דער פֿרומער רב אלקנה,
שפּרינגט קעגן דער לבֿנה.

ער רעדט צו איר אַזוינע רייד,
אַז זי טייעט אָן פֿאַר פֿרייד:

„איי איי איי, בעל תּאווה׳צע
איי איי איי, קראַסאַוויצע”.

און אַלע ייִדן מיט אַמאָל,
חזר׳ן איבער אויף אַ קול:

„איי איי איי, בעל תּאווה׳צע,
איי איי איי, קראַסאַוויצע”.

ווייס איך נישט, וואו אויס וואו איין,
טרינק איך אויס דאָס פֿלעשל וויין.

ווערט מיר ליכטיק אויפן הארץ,
רויט איז גרין און בלאָ איז שוואַרץ.

טרינק איך אוים דאָס פלעשל ביר
פיל איך, „מיר זאָל זיין פאַר איר".

שפרינג איך אויך אַריין אין קאָן,
רב אלקנה אויבן אָן.

און דער טאַטע נעבן מיר,
חזר'ט איבער אָן אַ שיעור:

„איי איי איי, בעל תאווה'צע,
איי איי איי, קראַסאַוויצע".

און אַלע ייִדן מיט אַמאָל
חזר'ן איבער אויף אַ קול:

„איי איי איי, בעל תאַווה'צע,
איי איי איי, קראַסאַוויצע".

ג

ראָדע ראָדע ראַנע,
די שיינע, מיאוס'ע פאַנע
פינגערט אויף דער פיאַנע.

קומט אַריין דער טאַטע,
אַ ייִדל אַ האָרבאַטע,
אין מיטן דער סאָנאַטע.

דערציילט ער פון יאַרידן,
פון גויים און פון ייִדן,
און איז דאַנקען גאָט צופרידן.

קומט אַריין די מאַמע,
מיט נייעסן מסתמא,
ווי יעדע אַלטע דאַמע.

דערציילט זי פֿון חולאות'ן,
פֿון שכנ'טעס מרשעת'ן,
און שיסט אויס אַלע — כעס'ן.

קומט אַריין די שוועסטער,
די שיינע שיינע אסתר:
„מיין אַנטעק איז דער בעסטער.

שיין איז ער, אַ חידוש,
און קען קיין וואָרט ניט יִדיש,
סיי פּריציש, סיי נגידיש".

קומען אָן די ברידער,
ווי תמיד קידער־ווידער,
און שרייען הויך זיך איבער:

„באָד־יונג . . . שאָד־יונג . . . מייזל־קאָפּ . . .
כאַמער־אייזל . . . לאָקשנטאָפּ . . .
ציגנבערדל . . . פּערדל־האָפּ . . ."

ראָדע ראָדע ראַנע,
די שיינע מיאוס'ע פּאַנע,
חלש'ט ביי דער פּיאַנע.

און ווער ס'איז זי מקנא,
דעם איז זי מהנה,
צו שפּילן אויף דער פּיאַנע.

ד

די קאַטערינקע שפּילט דעם בלינדן איד:
אַן אָקס איז געפלויגן אויפן יריד,
און איינגעהאַנדלט אַ בינטל שטרוי,
אַ מאָגערן טערק און אַ פעטן גוי.

די קו האָט די וועטשערע צוגעגרייט
פונקט ווי אין שולחן ערוך שטייט.
דעם טערק — מיט טערקישן פעפער און זאַלץ,
דעם גוי געפּרעגלט אין אייגענעם שמאַלץ.

איך בין דאָרטן צו גאַסט געווען,
און האָב די טאָכטער, דאָס קאַלב געזען,
און כ׳האָב עס מיט מזל און מיט גליק,
צו דער חופּה געפירט אויף אַ זיידענעם שטריק.

ה

„פייגעל פייגעלע,
טרי־לי־לי,
וואו איז דער טאַטע?"

„נישטאָ הי"

„וואו געפאָרן?"
„קיין פּאָמאָרן.
„ווען וועט ער קומען?"

מאָרגן אינדערפרי".

„מיט דער בויד, צי מיט דער באַן?
צי מיט אַ פלי־פלי־עראָפּלאַן?"

„נישט געטראָפן, יונה מאָק,
ער האָט געשפּאַנט דעם ציגנבאָק,
צום מולד פון פּאַראַיאָרן.

און העשטאָ! וויאָ! בייטשל קנאַק,
מיט האַק און האַק און לייבסערדאַק,
היידאַ, קיין פּאַמאַרן״.

„האַנדלען, וואַנדלען, זאָג מיט וואָס
מיט דימענטן, געשליפן גלאָז,
צי אפשר גאָר מיט יקנה״ז?

„נישט מיט דאָס, און נישט מיט דאָס,
מיט אמת׳ע אַנטיקן,
לויטער גאָלדענע גליקן״.

אַ „גאָלדן גליק״ פֿאַר יעדן ייִד,
וואָס איז געקומען צום יריד,
פֿון פּוילן, ליטע, רייסן.

און גלויבסטו יאָ, צי גלויבסטו ניט,
פֿאַר יעדן גוי, פֿאַר יעדן ייִד,
אַ גלאָז מיט שאַרפֿן אָקאָוויט,
מיט לעקעך צום פֿאַרבייסן״.

„פייגעלע, פייגעלע,
טרי־לי־לי,
וואו איז דער טאַטע?״
„נישטאָ הי.
געפֿאָרן קיין פּאַמאָרן״.

„ווען וועט ער קומען,
מיט מזומן?״
„יום טוב אינדערפֿרי
נעכטן פֿאַראַיאָרן״.

# אַלבום פאַר מאַרגאַרעט

א

### גורל

איך בין געווען אַ שייגעצל
אַמאָל אין גאַלילײ —
געוואָרפן בערלעך אין משה׳ס באָרד,
אין יעזוסן — באַלנס שנײ.

איצט טעמפּלט משה אין ניו־יאָרק —
און ס׳איז יעזוס אַ גאָט בײ „זײ״,
נאָר מיר, דעם אָרימען שייגעצל,
איז נעבעך ווינד און וויי —

ב

### אָוונט

דער אָוונט, אַ באָרוועסער מאָנאַך,
נידערט פונעם קלויסטער־באַרג.
זיין לאַנגער שאָטן פאַלט פאָרויס,
און נעמט אַרום דעם מידן מאַרק.

די טערקל־טויבן אין טויבנשלאַק,
ליובען זיך פאַרשלאָפן מיד,
און אַלץ אַרום אָטעמט פרום,
מיט קימל־ברויט און אָוונט־ליד.

ג

**אינוואַלידן**

קראַנקנשוועסטערס פירן אין פּאַרק,
שפּאַצירן די אינוואַלידן —
זיי גייען פּאַמעלעך טראָט ביי טראָט,
ס'זאָלן די פיס נישט מידן.

די פייגל דערפילן די דעמערונג,
און הויבן אָן צו לידן,
פון „מאַי אויפּסניי" און „ווידער יונג",
און ס'שמייכלען די אינוואַלידן.

ד

**די נאַכט**

כ'האָב צוגעלקחנ'ט דאָס צלמ'ל,
(דיין שוועגערנס מתנה),
און כ'האָב עס באַגראָבן אין גערטנדל,
ביים שיין פון דער לבנה.

נאָר פלוצים, הער! ס'רוישט אַ קלייד,
און ס'אָטעמט מיט סכנה,
נעבן מיר שטייט צאָרנדיק בלייך
די נאַכט — אַ יונגע נאָנע.

ה

## בעטלערס

בעטלערס אין מעשיות פון אַמאָל
וואָגלען פאַרלויזטע, וואַנדערן
פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט,
פון איין אָרט צו דעם אַנדערן.

נאָר ווען די מעשה גענענט צום סוף,
טוט זי זיי באַלוינען,
נישט מיט הקדשן ווי די וואָר,
נאָר מיט גאָלדענע קרוינען.

ו

## "Auld Lang Syne"

מיר זינגען אינאיינעם „אָלד לענג סאַין",
און מיר האַלטן זיך ביי די הענט.
דער ווייַן אין די גלעזער פינקלט רויט,
דאָס ליכט אין די שפּיגלען בלענדט.

איך זינג אויף אַ קול „פאַר אָלד לענג סאַין",
מיט אויגן פאַרוויינטע, רויטע —
איך זינג מיט אייך, און האַלט ביי די הענט
מיינע מיליאָנען טויטע.

# דינה בת יעקב גייט אויף אַ ראַנדעוואו

דינה פּירט מיטן ליפּן־שטיפט
איבער די ליפּן אַהין און אַהער,
די ליפּן פלאַמען ווי רויטער מאָן,
גענוג, מען דאַרף נישט מער.

זי טוט אָן דעם שטרויענעם זומער־הוט,
וואָס פּאַסט צו איר זומער־קלייד;
זי כאַפּט אַ קוק אין שפּיגל פאַרשייט,
נעמט דאָס זאָנטיקל און גייט.

דער ראַטהויז־זייגער ציילט אָפּ אַכט,
דאָס מיינט אַז ס'איז שוין צייט
צו איילן זיך ביים ראַנדעוואו
מיט די שכם'ער יונגעלייט.

„אָ, שכם, דו שיינע פריילעכע שטאָט
פון וואַלצערס ליכט און מוזיק,
פאַר דיין יעדן פּאַרק האָט די ליבע אַ סוד,
און יעדער סוד מיינט גליק".

ס'איז איר נמאס און מיאוס דעם טאַטנס היים,
וואו מען דאַוונט טאָג און נאַכט.
פון זינט די מומע רחל איז טויט
האָט דאָרט קיינער נישט געלאַכט.

דער אומעט הענגט איבערן אַלטן הויז
ווי אַ גרויסע, גיפטיקע שפּין.
ווען נישט די פריילעכע נעכט אין שכם,
וואָלט זי לאַנג אַראָפּ פונעם זין.

„אַ שכם, דו שיינע פריילעכע שטאָט
פון וואַלצערס ליכט און מוזיק,
פאַר דיין יעדן פּאַרק האָט די ליבע אַ סוד,
און אַ יעדער סוד מיינט . . . גליק".

ס'איז איר נאָענט און טייער אַ יעדער סוד,
כאָטש זי ווייסט נישט דעם באַשייד:
זי ווייסט נאָר איינס, אַז זי געפעלט
די שכמ'ער יונגעלייט — — —

נאָר אָט ליכטיקט דער ערשטער לאַמטערן פון שכם
און ס'כליפּעט אַ פידל אין שענק
אַ נייעם וואַלצער פון יאָהאַן שטראַוס,
„איך בענק, מיין האַרץ, געדענק!"

# מיכל

מיכל זיצט אויפֿן גאַניקל,
דער זומער־אָוונט צינדט
פֿייער־פֿליגן אין דער לופֿט —
אַ זיסער זומער־ווינט.

זינגט אין אירע טיציאַן־האָר
אַ גליל'ער פּאַסטאָראַל,
וואָס שמעקט מיט דאָרפֿיש קאָרנברויט
און זילבערט ווי אַ קוואַל:

„בת מלכּה, הער, אַ פֿייפֿל שפּילט
די גלאָריע פֿונעם לאַנד,
אַ מגן־דוד אויף דער פֿאָן,
אַ תּהלים'ל אין האַנט".

די שטאָלצע קיניגסטאָכטער ווייסט,
וואָס אָט דער ניגון מיינט,
זי האָט עס נישט צום ערשטן מאָל
אין שמואל־בוך געליינט.

זי ווייסט אַז אָט דער נביא שמואל,
דער אַלטער אינטריגאַנט,
שפּינט און שפּילט אַ טונקל שפּיל
מיט זיין געניטער האַנט.

אַ שפּיל אַרום דעם טאַטנס קרוין,
און מיט איר אייגן לייב,
איצט שעפּטשעט יעדער שוין אין הויף,
אַז זי ווערט דוד׳ס ווייב.

פֿאַר אירע אויגן שוועבט פֿאַרביי
דעם נביא׳ס ווייסע באָרד,
אין אירע אויערן הילעכט אָפּ
זיין שאַרף און דאָרניק וואָרט.

זי שוידערט. אין אַ נאָענטן קוסט
ווייטיקט אַ נאַכטיגאַל.
אין אירע רויטע טיציאַן-האָר
זשומעט אַ פּאַסטאָראַל:

„בת מלכה, הער אַ פּייפל שפּילט
די גלאָריע פונעם לאַנד,
אַ מגן-דוד אויף דער פאָן,
אַ תהלים׳ל אין האַנט".

זי הויבט זיך אויף, איר זיידן קלייד
רוישט דורך דער זומערנאַכט.
— — — — — — — — — — —
אַ יידישער פּאָעט האָט מיד
דאָס שמואל-בוך פֿאַרמאַכט.

## די מכשפה פון עין דור

די אַלטע מכשפה פון עין דור
זאָגט צו דעם קאָטער „מיאו,
וואָס מאַכט אייער שוואַרצע עקסעלענץ,
און וואָס מאַכט די ליבע פראו?"

און צו דעם גרינעם פּאַפּוגיי
וואָס וואָיעוועט אום אין שטייג:
„אַ פּלעצל צוקער, דו נאַשער דו,
נו נאַ און נעם און שווייג".

און צו דעם גרויסן געלן האָן
מיטן פייער־רויטן קאָם:
„וואָס זעסטו נביא אין דער נאַכט,
אַ גייער מן הסתם?"

דער האָן קלאַפּט מיט די פליגל שאַרף,
איינס און צוויי און דריי,
די וואָלקנס הענגען איבערן וואַלד,
שווער און גראָ ווי בליי . . .

די אַלטע מכשפה פון עין דור
טראַכט: אַ מאָדנע זאַך,
אַפילו איך די טרעפערקע
שפּיל אַ ראָלע אין תנ"ך.

א גייער גייט: ער פרעגט דעם ווינט
צי ווייסט ער וואו איך וואוין;
זיין שאָטן ווי אַ שעקספּיר קלאָון
שפּילט זיך מיט זיין קרוין.

אַ גייער גייט, ער שאַרט זיך שטיל
דורך דעם געדיכטן וואַלד.
אין גאַנצן שמואל־הנביא־שפּיל
די טרויעריקסטע געשטאַלט.

די אַלטע מכשפה פון עין דור
טראַכט: אַ מאָדנע זאַך,
אַפילו איך די טרעפעריקע
שפּיל אַ ראָלע אין תנ״ך.

אַ פּעשל קאָרטן ליגט אויפן טיש
און דאָס פּעשל קאָרטן ווייסט,
אַז פאַר דער טרויעריקן „מלך פּיק״
איז מער נישטאָ קיין טרייסט.

דער האָן קלאַפּט מיט די פליגל שאַרף:
איינס און צוויי און דריי,
די וואָלקנס הענגען איבערן וואַלד,
שווער און גראָ ווי בליי.

# בת־שבע

בת־שבע באַטראַכט דאָס פינגערל
וואָס פינקלט אין איר האַנט —
אוי, ס'איז נישט אַזוי דאָס פינגערל
ווי דער מלך פונעם לאַנד.

אוי, ס'איז נישט אַזוי דאָס פינגערל
ווי דאָס בריוועלע דערצו:
„דיין פנים, דיין גאַנג, דיין איידעלער פאַסאָן,
זיי גיבן מיר נישט קיין רו".

בת־שבע גייט צום שפּיגל צו:
— אַוודאי איז זי שיין,
נאָר ווי קען זי, אַן אשת־חיל,
צו דער באַשטעלונג גיין?

וואָס וועט זאָגן דער אַלטער שווער,
און דער מאַן דער גענעראַל,
און וואָס וועט זאָגן גאָט אַליין,
דער שומר פון ישראל?

זי לייענט איבער נאָכאַמאָל דעם בריוו:
— אַ שיינקייט פון דער וועלט,
מיט גאָט ברוך הוא בין איך „פּער דו",
און איך טו וואָס מיר געפעלט;

אַז איך זינג פֿאַר אים מיין תהלים אָפּ,
איז ער מוחל מיינע זינד:
און וואָס שייך אוריה, דיין ליבן מאַן,
פֿאַרלאָז זיך אויף מיר, מיין קינד.

אַ פּירהאַנג רוישט. ווער גייט? ווער גייט?
ס'איז נאָר ווינט, נישט מיין;
זי באַהאַלט דאָס פֿינגערל, דעם בריוו,
און לאָזט זיך לאַנגזאַם גיין.

אַראָפּ אין גאָרטן. — די שטילע טריט
פֿאַרשלינגט דער געלער זאַמד.
נאָר פֿאַרן טויער אומגעריכט
אַ רויטע מאָנבלום פֿלאַמט

אַ לעצט ביסל בושה. זי עפֿנט די טיר
מיט איר קליינער ווייסער האַנט.
אוי, ס'איז נישט אַזוי דאָס פֿינגערל,
ווי דער קעניג פֿונעם לאַנד.

# אַמנון און תמר

איך שרייב דיר דאָס בריוול, תמר,
טאָ זע היט אָפּ דעם סוד,
דער עיקרשט פאַר טאַטעשי,
און אויב דו קענסט, פאַר גאָט.

געדענקסט די נאַכט אין ווילנער וואַלד
ווען כ׳האָב דיך גערופן „ווייב”,
דו האָסט געפּיבערט: „לאָז מיך גיין”,
און איך האָב געהייסן „בלייב!”

און דו ביזט געבליבן. די נאַכטיגאַל
האָט, פּונקט ווי אין היינעם ליד,
אָפּגעטרייסלט איבער אונז
דעם ערשטן קאַרשן-צוויט.

און איך האָב געפּיבערט: תמר דו הערסט
ווי ס׳זינגט צו דיר מיין גוף?
און דו האָסט געאָטעמט היים און שווער:
„איך ענטפער אויף דיין רוף”.

און שיכור פון „שיין” פון „מיט דיר אַליין”
האָב איך דיך דאָרט דערקענט:
און כ׳האָב דיך אַ נאַקעטע דורכן וואַלד
געטראָגן אויף מיינע הענט.

און דער וואַלד האָט געשטוינט: „אוּ־וואַ, אוּ־וואַ,
ווי אַזוי איז דאָס געשען?"
אַ יידישער וואַלד האָט זינט ער לעבט
אַזאַ זעאונג נישט געזען.

נאָר ווען די האַסט פּלוצים אַרויסגעפּלאַצט
מיט אַ שאַרף און דין געוויין,
האָט דער אַלטער תּלמודישער קאָפּ פון וואַלד
ערשט אָנגעהויבן פאַרשטיין.

דיין געוויין האָט גע׳מסר׳ט, מייד אויס דעם וואַלד,
ווי איך מייד אים זינט יענער נאַכט:
אַ, פאַרוואָס האָסטו דעמאָלט געוויינט אין וואַלד
און נישט געזונגען געשטיפט און געלאַכט?

איך שרייב דיר דאָס בריוול, תמר,
טאַ זע, היט אָפּ דעם סוד,
דער עיקר׳שט פאַרן טאַטעשי,
און אויב די קענסט, פאַר גאָט.

# דוד המלך און אבשלום

דוד המלךביים תליה־בוים
באַווייְנט דעם טויטן זון —
איבערן וואַלד ברענט בלוט און גאָלד
די מידע אָוונט־זון.

אַבנר, דער אַלטער גענעראַל,
שטייט „אַפּטאַך" ביי דער זייט,
און ס'בלישטשען די שפּיזן און די העלמס
פון זיינע מונדירטע לייט.

דער מלך וויינט: אבשלום'קע,
צעוואָס האָסטו דאָס געטאָן?
עפן די אויגן און נאַדיר אַוועק
מיט כבוד דעם גאָלדענעם טראָן;

עפן די אויגן און נאַדיר אַוועק
דאָס צירונג און דאָס גאָלד;
און אַפילו די „הייליקע וועטשערע",
וואָס רעמבראַנדט האָט געמאָלט;

וואָס ווילסטו נאָך? אָט טו איך אָן
אויף דיין שיינעם קאָפּ די קרוין,
און „רינגעלע — רינגעלע — רוגז", זון,
און אַן עק, אַ סוף און שוין.

אַבנר, מיין אַלטער גענעראַל,
טו צו ווימן איבערן לאַנד,
היים בלאָזן די טרומייטערס, ס׳זאָל
אַ יעדערן זיין באַקאַנט.

אבשלום איז מלך ישראל, יחי!
שרייטס אַלע מיט מיר „יחי!"
אַן עכאָ לעצעוועט אין וואַלד:
יחי . . . כי כי כי כי . . .

דער אָוונט, אַ באָרוועסער הקדש־ייִד,
מישט די בלעטער פונעם וואַלד,
עלעהיי אַ תהלימל; אין מיטן וואַלד
די פאַרלוירענע געשטאַלט

פונעם אַלטן מלך; אַ סאָווע שרייט,
פונדערווייטנס שאַרף: או־הו,
און דער אַלטער מלך מורמלט פרום,
ממעמקים, טאַטעניו.

# דריי שוועסטער

יחיאל האָפּער

דריי אַלטע מיידלעך זיצן ביים פייער.
די קעפּ זילבערן. דער אָוונט איז קיל.
איינע זינגט פון דער פאַרלאָזטער מיל
און דער טויטער כלה אין כלה־שלייער
וואָס נידערט אַראָפּ פון די געדרייטע טרעפּ
מיט בלאָע אויגן און מיט בלאָנדע צעפּ
און צעשאַרט דאָס אַש פון אַ פאַרלאָשן פייער.

די צווייטע זיפצט: „אַ שאָד, אַ שאָד
אַט־אָט די חופּה, און ס'איז נישט געוואָרן"
זי פּיבערט. פאַרשפּילטע יונגע יאָרן
הערט זי וויינען ביים מיל — אַ ראָד,
וואָס דרייט זיך כסדר ווי אַמאָל —
אָן אַלטע ווערבע חזר'ט איבער אין טאָל:
„פאַרשפּילטע יונגע יאָרן".

די דריטע שווייגט. די אויגן צוגעמאַכט.
נישטאָ קיין „געוועזן" נאָר „איצט" נאָר „וואָר"
אַ בתולה מיט בלאָנדע קוטשעראַווע האָר
הויבט לאַנגזאַם אויף דעם פאַרהאַנג פון דער נאַכט.
אַ יונגער טאָג רייבט זיך אוים די אויגן
און קוקט פאַר'חידוש'ט נאָך דעם שוואַלבן־ראָד
וואָס איז האָט ערשט פאַרביי געפלויגן.

דריי אַלטע מיידלעך זיצן ביים פייער,
די קעפּ זילבערן. דער אָוונט איז קיל.
איינע זינגט פון דער פאַרלאָזטער מיל
און די צווייטע זעט דעם כלה־שלייער,
וואָס פלאַטערט אין איר דמיון ווייס און שטיל.

די דריטע פאַרלייגט די הענט אין שויס,
פילט ווי זי איז באמת אַ ווילדע וואַלד־רויז,
וואָס ציטערט אין שטילן אָוונט־גאָלד
און יעדער איינער האָט זי באמת האָלד . . .

# סאָוועס

די סאָוועס בלישטשען פּאָספּאָרן מיט די אויגן שאַרף,
צו דער שטאָט וואָס שלאָפט. די לאָמפּן איינגעדרייט
די פליגל זייערע ציטערן נערוועז. זיי זיינען גרייט
צו טראָגן זייערע וויסטע בשורות וואו מען דאַרף.

די האַרבסט — נאַכט פינגערט אויף דער אַלטער רעגן-האַרף:
„איי-ליו-ליו, זקנד'ל" דעם מידן וואַלד,
וואָס דרימלט איינגעקאָרטשעט און באַהאַלט
די אינגסטע ביימער פאַר די העק מיט זייער שאַרף.

די סאָוועס שפּרייטן אויס די פליגל. ס'שלאָפט די שטאָט
מיט איינגעדרייטע לאָמפּן אויפן אויבערשטנס בארעט
און אַנען נישט די וויסטע בשורות פונעם וואַלד.

די סאָוועס פליען און אַ ווירע. שטיל ווי אַ לויה
די שטאָט וואַכט אויף דערשראָקן ווי אַ געהעצטע חיה,
און ס'איז איר פּנים מורא'דיק געקניטשט און אַלט.

# כמאַרעם

יחיאל האָפּערן

כמאַרעם קומען זיך צונויף, אויפן הימל אַ יאַריד.
פּויערים און פּויערטעס, ייִדענעס און ייִדן.
קאַטערינקעס קרעכצן. בלינדע בעטלערס לידן,
גוים קויפן שווערע שטיוול און קאַסעס פאַר׳ן שניט.

פלוצים אַ מהומה. פונעם מערב-ווינקל ציט
אַ כאָפּטע כוליגאַנעס, קײלערס, טרעגערס, שמידן:
„דאַלאָי מיט די זשידעס!״ — אַראָפּ פון די יאַרידן!״
שאַרפע מעסערס בליצן. גאָט באַשירעם און באַהיט!

ייִדן לויפן מיט צעיאָגטע פּאָלעס. ווייבער שרייען.
סחורות פאַלן „טראַך!״ סע ווילדעוועט דער קין
ס׳שטעלן זיך „דיבאָם״ און הירזשן ווילד די פערד.

„כלאָפּצעס איבער קעפּ!״ — „כלאָפּצעס אין די זייטן!״
ייִדן שיסן אויס מיט אַ געוויין. דערלעבט די צייטן!
און זייערע טרערן שטראָמען אַראָפּצו צו דער ערד.

די דאָזיקע זאַמלונג איז נישט מער ווי אַ רמז פון מיין געפּלאַנטער גרויסער אַנטאָלאָגיע „פעלקער זינגען".

וואָס מער איך פאַרטיף זיך אין דעם זין און דעם וועזן פון דער דיכטונג, אַלץ בולטער ווערט פאַר מיר די באַדייטונג און די סוגעסטיווע שיינקייט פונם פאָלקסליד.

און טאַקע באמת, אַזאַ ליד, ווי דאָס בולגאַרישע פאָלקסליד „די שיינע מאַריי", וואָס שילדערט אַזוי מייסטערהאַפט און דיסקרעט די באַהאַלטענע ליבע פון דער דינסט מאַרי צו איר באַלעבאָס, דעם האָספּאָדאַר מיכאַיל, וועגט אַריבער גאַנצע בענדער פון סטערילער ליריק, וואָס גייט אויף קאָטורנען און טויג סוף־כל־סוף אויף סיטסאָט כפרות.

און דאָס וואונדערבאַרע אַלט־פראַנצויזישע פאָלקסליד „דריי מאַטראָזן", דאָס ליד פון אַוואַנטורע, בענקשאַפט און גאַלגן־הומאָר.

און דאָס סערבישע „ביים שעפּן וואַסער", וואָס מאָבילזירט אַ גאַנצע קאָסמישע באַוועגונג אַרום דעם אין תוך אידילישן דיאַלאָג צווישן דעם מיידל און דעם יונגן און אַלטן בחור.

און דאָס אומהיימלעך־דעמאָנישע ציגיינער־ליד „דער טויטער מאַן", וואָס אַ סך ליטעראַטור־פאָרשער באַטראַכטן, און מיט רעכט, פאַרן אור־טעקסט צו בירגערס גראַנדיעזער באַלאַדע „לענאָרע".

נאָר צו וואָס איבעריקע רייד? דער עמפינדלעכער לייענער וועט שוין אַליין געפינען דאָס אויסטערליש שיינע, וואָס ליגט אין גרעסטן טייל פון די אין דעם בוך געזאַמלטע פאָלקסלידער.

מיין צוגאַנג צו די „פעלקער זינגען" איז נישט געווען קיין פאָלקלאָריסטישער, נאָר אַן עסטעטישער. דערפאַר האָב איך מיר דערלויבט אַ סך פרייקייטן; נישט אי־בערזעצט, נאָר איבערגעפאָרעמט, איבערגעדיכטעט.

דעם דאָזיקן ציקל ווידמע איך דעם אָנדענק פון דער פרי פאַרשטאָרבענער ליזאַ שאָר ע"ה.

איציק מאַנגער

# װעמענס איז דער קאַרשנבוים?

אוקראַיניש

װעמענס איז דער קאַרשנבוים,
װאָס שטייט דאָ פאַרן הויז?
און װעמענס איז דאָס מיידעלע,
װאָס גייט אין גאַס אַרויס?

אין קוזשניע ברענט אַ פייערל,
פון קוימען גייט אַ רויך —
דער קאַרשנבוים געהער דעם שמיד
און דאָס מיידעלע אויך.

„איבערן װעג אַ יונגע שװאַלב
פלאַטערט אַהער און אַהין;
קוק זיך צו, דו מיידל דו,
ס'אַראַ יונג איך בין!

אַ יונג מיט ביינער, האַ, האַ, האַ!
װאָלסטו געהאַט מזומן,
װאָלט איך נישט קיין סך געטראַכט
און װאָלט דיך גענומען".

„איבערן װעג אַ יונגע שװאַלב,
פלאַטערט אַהער און אַהין;
קוק זיך צו, דו קאָזאַק דו,
ס'אַראַ מויד איך בין!

אַ מויד אַזאַ אַ בויגיקע,
אַ מויד מיט שװאַרצע ברעמען;
היט זיך, היט זיך, קאָזאַק דו,
דער רוח קען דיך נאָך נעמען".

# כ׳אָב דיך ליב

אונגאַריש

כ׳האָב דיך ליב, נאָך מער, נאָך מער
ווי די טויב דעם קאָרן —
און אַז אין חלום וועגן דיר,
שטעכט מיך ווי אַ דאָרן.

נישט קיין ווייב האָט דיך געבוירן,
נאָר די רויז אַליין;
אין מיין חלום בליסט דו, מיידל,
שענער נאָך פון שיין.

# אָרים בין איך

אונגאַריש

אָרים בין איך. מיר פעלט גאָרניט,
ס׳פעלט מיר נאָר דער ביסן.
פריילעך בין איך, נאָר דאָס רעקל
איז ביי מיר צעריסן.

לעבער האָב איך, נישט קיין ברויט
און נישט קיין וויין אין קעלער,
צייל איך מיין פאַרמעגן איבער,
האָב איך נישט קיין העלער.

# מיידל, עפן מיר די טיר

אונגאַריש

„מיידל, עפן מיר די טיר,
ס׳קלאַפּט דער אונגאַר, נישט דער סלאָוו,
וואָס געדויערט עס ביי דיר,
ס׳קלאַפּט דער אונגאַר, נישט דער סלאָוו״.

„כ׳ווייס, כ׳ווייס, נאָר איך האָב מורא,
אַלע זענט איר מיר — איין סחורה,
איר זאָגט צו ליבע פון דער וועלט
און דערנאָך אַ פּייג געשטעלט״.

# די שיינע מאַרי

בולגאַריש

זיצט די שיינע מאַרי אין קיך,
אין קיך, ביים פענצטער,
די שיינע מאַרי.
ציליעט אויף אַ זיידענעם פאָדים
פערל, טייערע פערל,
די שיינע מאַרי.
זאָגט זי צו דער נאַכטיגאַל:
נאַכטיגאַל, דו פייגעלע,
שיין פייגעלע,
זינג נישט אַזוי פרי,
וועק נישט אויף מיין באַלאַבאָס,
מיכאַיל דעם האָספּאָדאַר,
שיין פייגעלע.
איך וועל קודם גיין אין גאָרטן,
רייסן רויטע רויזן,
שטעלן זיי אין קלאָרן וואַסער.
מיטן וואַסער אים באַשפּריצן
און אים שעפּטשען שטיל אין אויער:
„שטיי שוין אויף
מיכאַיל, דו האָספּאָדאַר,
ס'הירזשעט שוין דאָס פערד אין הויף,
צייט איז אויף דער יאַגד, מיין האַר".

# דער חלום

בולגאַריש

שלאָפֿט דאָס מיידל, שלאָפֿט דאָס מיידל,
אונטערן ווילדן באַרנבוים,
אויפֿן ברייטן פֿעלד ביים ים.
בלאָזט אַ ווינטל, בלאָזט אַ ווינטל
און וואַרפֿט שטיל אַ צווייג אַראָפּ.

כאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף דאָס מיידל
און רעדט ברוגז צו דעם ווינט:
אַי, דו ווינט, דו שלעכטער ווינט
האָסט מיך אויפֿגעוועקט פֿון חלום.
זיס געוועזן איז דער חלום
גיי, דו ווינט, דו שלעכטער ווינט!

דריי בחורים יונגע, שיינע,
זענען ערשט געווען אַ דאָ,
האָט דער ערשטער מיר געגעבן
אַ טיכל, ווי דער הימל בלאָ.
און דער צווייטער האָט געשענקט מיר
זיבן טאָלער — סאַמע גאָלד,
און דער דריטער, און דער דריטער
האָט געזאָגט — ער האָט מיך האָלט.

# דער יונגער רייטער

ליטוויש

אינדערפרי, גאַנץ קאַיאָר,
שטייט געזאָטלט מיין פערד:
אָט נאָר ווי ס'טאָגט
דער טאָג אויף דער ערד,
וועל איך רייטן אַוועק פון דאַנען.

און אָט שטייט מיין טאַטע
נאָענט, נאָענט נעבן מיר —
מיין אַלטינקער טאַטע
שטייט נאָענט נעבן מיר.
ער שטייט און ער רעדט,
ער רעדט און ער וואָרנט:
„געדענק מיינע רייד!"
און וויינט שטילערהייט.

וויין נישט, מיין גוטער,
מיין אַלטינקער טאַטע,
און גלויב אין מיין גליק:
אַזוי מונטער און פריש,
ווי איך לאָז זיך אין וועג,
וועל איך קומען צוריק.

אַי, פערדל, מיין פערדל,
דו ברוינס און דו גרינגס;
דו פליסט ווי אַ וויכער,
מיין פערדל מיין פלינקס,
זאָג: וואו טוסטו מיך טראָגן?

אַוועק אויף מלחמה
אין ווילד־פרעמדן לאַנד,
וואו ס'האָט נאָך קיין ווינט נישט
מיין נאָמען דערמאַנט;
אַהינצו טוסטו מיך טראָגן.

צי איז דיר נישט שווער
אָט דער וועג דער ווייטער,
דער זאַק פול מיט האָבער
און דער יונגער רייטער
אין זיין נייעם מונדיר?
זאָג, ענטפער מיר!"

יאָ, ס'איז מיר שווער
דער וויט־ווייטער וועג,
און די פינצטערע נאַכט
וואָס האָט נישט קיין ברעג.
און דער שוואַרצער זומפ . . .

# כלה ליד

ליטוויש

כ׳האָב עס נאָך זומער דער מאַמען געזאָגט,
בעת ס׳האָט אין פענצטער דער טאָג קוים געטאָגט:

זוך, מאַמעשי קרוין, זוך דיר, מאַמעשי לעבן,
אַ מיידל צום שפּינען, אַ מיידל צום וועבן!

איך האָב דיר גענוג שוין דעם פלאַקס געשפּונען,
גענוג דיר שוין וואַסער געטראָגן פון ברונען.

כ׳האָב שוין גענוג דיר געשייערט דעם דיל
און קאָרן געטראָגן צו מאָלן אין מיל.

כ׳האָב דיך געהאָרכט, און איצט וויל איך הערן
דאָס וואָרט פון דער שוויגער און פאָלגן זי גערן.

איך האָב שוין גענוג דיר דאָס היי אין סטויגן
צונויפגעשאַרט. איצט זענען פאַרפלויגן,

ווי זומערפייגל, די מיידלישע יאָר,
און איר, מיינע האָר, מיינע גאָלדענע האָר,

איר וועט שוין נישט שטיפען מער אַצינד,
אָן זאָרג און הפקר מיט יעדן ווינט.

און איר, מיינע בענדער פון גרינעם זייד,
איר וועט מער נישט פלאַטערן פאַרשייט.

ווען ס׳וועלן זיך שטעלן שנייען און פרעסט,
וועל איך קומען צו גיין צו דער מאַמען אין געסט.

אין אַ ווייסער הויב און אַ ליכטיקער,
אין אַ ווייסער הויב אַ ציכטיקער.

די מאַמע אַ שטילע וועט גיין מיר אַנטקעגן,
מיר גלעטן די הענט, מיט די אויגן מיך פרעגן:

ווי גייט דיר, טאָכטער, ווי גייט דיר, קינד? —
מאַמע, איצט פלאַטערט מיין הויב אין ווינט.

און אויף מיין שפּינראָד און אויף מיין ליין
ציטערט נאָר דער לבנה־שיין.

די מאַמע וועט זיצן אַ שטילע און הערן
און איך וועל טראַכטן — די אויגן פול טרערן:

פון אייך, מיינע בענדער פון גרינעם זייד,
וואָס וועלן נישט פלאַטערן מער פאַרשייט.

פון אייך, מיינע רינגען, מיינע גאָלדענע רינגען,
און פון די פייגל — וואָס האָבן אַמאָל געזונגען.

# דאָס ליד פונעם כלה־רינגל

ליטוויש

צו דעם אַלטן פישער
רייט איך אָפּט און גערן,
לייכט מיר מיין שטערן,
כ'וואָלט וועלן ווערן
זיין איידעם גערן.

כ'האָב היינט געוואַשן
די גראָע נעצן
ביים ברעג פונעם ים,
איז מיר פונ'ם פינגער
אַראָפּ דאָס רינגל
און געפאַלן אין ים.

„טו תפילה, געליבטער,
צום ווינט, צום צפון-ווינט,
דריי נעכט און דריי טעג —
ער זאָל זיך דערבאַרעמען
און וואַרפן דאָס רינגל
צוריק אויפן ברעג!"

און אָט טונקלט דער אָוונט,
טונקלט, טונקלט דער אָוונט.
און מיין טייערע גייט

אַרוים פון איר גאָרטן,
דעם קאַרשן גאָרטן
און כ׳הער אירע רייד:

נישט טרויער געליבטער,
נישט וויין, נישט וויין,
לייג אַוועק די קאַסע,
די זילבערנע קאַסע,
אָט דאָ אויפן שטיין.

נישט טרויער געליבטער,
נישט וויין, נישט וויין,
לייג אַוועק דאָס שטיינדל,
דאָס שטיינדל צום שלייפן,
אָט דאָ אויפן שטיין״.

„אַ דאַנק דיר, מיין מיידל,
אַ דאַנק פאַר דיין קומען,
פאַר דיינע טייערע רייד.
היינט האָבן דריי שפּערלעך,
דריי גראָע שפּערלעך,
אויף זייערע פליגל
פאַרפלויגן מיין פרייד״.

„אַ גוטן טאָג! אַ גוטן אָוונט!
בעט מיר אוים מיין געלעגער,
טייערע מאַמעניו מיין״.
„אַ געלעגער צום שלאָפן
וועל איך דיר אויסבעטן,
נאָר מיין האַרץ וועט דיר קיינמאָל
נישט מוחל זיין״.

# מאַראַנצן

פראַנצויזיש

אין מיין טאַטנס גאָרטן
בליט אַ מאַראַנצן־בוים,
גרויסע, שיינע מאַראַנצן,
אַז ס׳טראָגט דער בוים זיי קוים.

האָ, האָ!
זאָג מיר נאָר, דו שיין מיידל,
צי דו ביזט מיינע, יאָ?

„פאָטער, ליבער פאָטער,
ווען וועט מיין חופה זיין?"
„ווען ס׳וועט זיך געפונען אַ חתן,
וועט דיין חופה זיין".

האָ, האָ!
זאָג מיר נאָר, דו שיין מיידל,
צי דו ביזט מיינע, יאָ?

„אַי, פאָטער, ליבער פאָטער,
מיין וואַרטן קען איך ניט".
זי טראָגט אַרוים די לייטער
און נעמט זיך אַ קויבערל מיט.

האָ, האָ!
זאָג מיר נאָר, דו שיין מיידל,
צי דו ביזט מיינע, יאָ?

די צייטיקע פּירות רייסט זי אָפּ
און די גרינע לאָזט זי שטיין,
און אויפֿן וועג קיין אַראָפּ
לאָזט זי זיך פֿריילעך גיין.

האָ, האָ!
זאָג מיר נאָר, דו שיין מיידל,
צי דו ביזט מיינע, יאָ?

ווער־זשע קומט איר אַנטקעגן?
אַ שיינער יונגערמאַן.
„וואָס טראָגסטו אין דיין קייבערל?"
פֿרעגט דער יונגערמאַן.

האָ, האָ!
זאָג מיר נאָר, דו שיין מיידל,
צי דו ביזט מיינע, יאָ?

„גרויסע שיינע מאַראַנצן
די שענסטע אין דער וועלט".
„קום, איך וועל זיי איבערציילן
און זען צי גאָרנישט פֿעלט".

האָ, האָ!
זאָג מיר נאָר, דו שיין מיידל,
צי דו ביזט מיינע, יאָ?

„ס'זענען פֿאַראַן נאָר אַכציק
און ס'פֿעלן נאָך אַ סך,
און אויב דו גיסט מיר שוין אַ קוש
איז לאָז איך דיך געמאַך".

האָ, האָ!
זאָג מיר נאָר, דו שיין מיידל,
צי דו ביזט מיינע, יאָ?

# דעם נזירס טאָכטער

פראַנצויזיש

האָט געלעבט אַ נזיר אין וואַלד אַליין,
צוויי בינטלעך דערנער זיין האָב — נישט מיין.

מאַרגאַרעט, האָ, האָ!
מאַרגאַרעט, האָ, האָ!

צוויי בינטלעך דערנער זיין האָב — נישט מיין
און עפּעס נאָך — אַ טעכטערל אַ שיינס.

מאַרגאַרעט, האָ, האָ!
מאַרגאַרעט, האָ, האָ!

אַ טעכטערל אַ שיינס, אַ טעכטערל אַ גאָלד,
שיקט ער זי רייסן נים אין וואַלד.

מאַרגאַרעט, האָ, האָ!
מאַרגאַרעט, האָ, האָ!

שיקט ער זי רייסן נים אין וואַלד,
גייט זי אין וואַלד און ווערט אַנטשלאָפן באַלד.

מאַרגאַרעט, האָ, האָ!
מאַרגאַרעט, האָ, האָ!

גייט זי אין וואַלד און ווערט אַנשלאָפן באַלד,
גייען דריי יונגען דורכן וואַלד.

מאַרגאַרעט, האָ, האָ!
מאַרגאַרעט, האָ, האָ!

גייען דריי יונגען דורכן וואַלד,
זאָגט דער ערשטער: ס'אַראַ שיין געשטאַלט!

מאַרגאַרעט, האָ, האָ!
מאַרגאַרעט, האָ, האָ!

זאָגט דער ערשטער: ס'אַראַ שיין געשטאַלט.
זאָגט דער צווייטער: זע, האָר פון גאָלד.

מאַרגאַרעט, האָ, האָ!
מאַרגאַרעט, האָ, האָ!

זאָגט דער צווייטער: זע, האָר פון גאָלד,
זאָגט דער דריטער: און איך האָב זי האָלד.

מאַרגאַרעט, האָ, האָ!
מאַרגאַרעט, האָ, האָ!

# אין מיל

פראַנצויזיש

אונזער קאַמער־מיידל
מיט די געקרויזטע האָר
נעמט דעם זאַק מיט גערשטן
סאַמע גאַנץ קאַיאָר.

קומט אַלע, קומט אַלע, קומט אַלע!
אַ בריה איז אונזער מילנער
אויף מאָלן אונזער מעל.

זי נעמט דעם זאַק מיט גערשטן
און לאָזט אין דער מיל זיך גיין.
ווער־זשע קומט מיר אַנטקעגן?
טאַקע דער מילנער אַליין.

„אַ גוטן מאָרגן אייך, מילנער,
צי ווילט איר מאָלן מיין מעל?"
„מאָלן איז מיין פּרנסה,
שיינע מאַדמאַזעל".

ער נעמט אין דער האַנט דעם האַמער
און פּאַסט אים אין מיל אַריין.
און בעת די מיל טוט מאָלן
שלאָפט דאָס מיידל איין.

ער האַלזט זי און ער קושט זי
אַן ערך אַ מאָל דריי,
ביים פּערטן מאָל כאַפּט זי זיך אויף
און זאָגט צו אים אַזוי:

„מילנער, ליבער מילנער,
צי טוט איר מיט אַלע אַזוי?"
„אַוודאי, שיינע מאַדמאַזעל,
טו איך מיט אַלע אַזוי".

„וואָלט איך געוואוסט אויף זיכער,
אַז איר גענאַרט מיך ניט,
ברענג איך מאָרגן, גאַנץ קאַיאָר
דעם שכנס טעכטערל מיט".

קומט אַלע, קומט אַלע, קומט אַלע!
אַ בריה איז אונזער מילנער
אויף מאַלן אונזער מעל.

# דריי מאַטראָזן

פראַנצויזיש

דריי חברים, יונגען דריי
האָבן אָן אַ גראָשן געלט
פאַרלאָזט די שיינע שטאָט ליאָן
און געלאָזט זיך אין דער וועלט.

דער צפון־ווינט בלאָזט קאַלט און שאַרף,
דער בייזער צפון־ווינט —
ער פירט אונז, פירט אונז ווייט אַוועק
פון אונזער הויז־געזינד.

דער צפון־ווינט איז קאַלט און שאַרף,
דער ים איז ברייט און טיף,
שווימט אונז אַנטקעגן פון דער ווייט
אַ שוואַרץ פּיראַטן־שיף.

זאָגט דער עלטסטער פּיראַט צו אונז:
„איר זענט נישט מער ווי דריי —
גיט זיך אונטער, ווייל איר פאַרשפּילט
אייער לעבן סיי ווי סיי".

איר האָט אַ טעות, הער פּיראַט,
אומזיסט איז אייער שפּאָט,
מיר זענען טאַקע נישט מער ווי דריי,
אָבער אונז באַשירעמט גאָט.

העלף אונז, הייליקער ניקאָליי,
און דו, נאַכטיגאַל פון וואַלד,
צעשפּרייט דיינע פליגל, איינס און צוויי,
און פלי צו מיין מיידל באַלד.

און זאָג איר, אַז איך לאָז פאַר איר
מיין גאָלד און מיין פאַרמעג
און מיינע פּאַלאַצן די דריי
ביז צום סוף פון אירע טעג.

איין פּאַלאַץ געפינט זיך אין מילאַן
דער צווייטער אין דער פּיקאַרדי,
דער דריטער פינקלט אין מיין האַרץ
און די קיניגין איז זי.

# קוקו, קוקו, שיינער פויגל

רומעניש

„קוקו, קוקו, שיינער פויגל,
האָסט געזונגען מיר אין וואַלד,
אַז מיין לעבן וועט זיין ביטער,
ביטער, פינסטער ווי דער וואַלד.
וואָלט איך וויסן וואו דו וואוינסט,
וואו דו האָסט געבויט דיין נעסט,
וואָלט איך תיכף דיך פאַרשאָלטן
מיט שאַרפע ווינטן, שניי און פרעסט.

מיט דער ביקס וואָלט איך דיך שיסן
און געוואָרפן פאַר די הינט —
אַז ווערן זאָלן דיינע פליגל
אַ געשפּעט פאַר יעדן קינד.

ניין, נאָך שווערער איז מיין קללה:
דריי מאָל זאָלסטו קינדער האָבן
און אַלע דריי מאָל זאָלן זיי
זיין אַ פרעס — די שוואַרצע ראָבן
און דו, אַלטע, צווישן זיי!

ווייל דו האָסט מיר שלעכטס געזאָגט,
ווייל דו האָסט מיר נאָר געזונגען
פון צעשיידונג, צער און וויי".
„שווייג שוין, הער שוין אויף צו שעלטן,
ווייל איך בין פון הערן מיד,
איך האָב בלויז געזען דיין מזל
און געזונגען דיר אין ליד,
וואָס אַזוינס ס'איז דיר באַשערט.
מער קען איך דיר גאָרנישט געבן,
כ'האָב מיין אייגנס נאָר מיין ליד,
און דאָס מזל איז ביי גאָט.
ס'איז מיין אייגנס נאָר דאָס ליד
גאָט גיט יעדן וואָס ער גיט.
שווייג שוין, הער שוין אויף צו שעלטן,
ווייל איך בין פון הערן מיד".

# יונגער בוים מיט זיבן צווייגן

רומעניש

יונגער בוים מיט זיבן צווייגן.
ליגט מיין טייערער אין גאָרטן,
טראַכט און טראַכט און טוט אַלץ שווייגן.

וואָס־זשע קען איך איצטער טון,
אַז איך זאָל מיין אוצר זען?
שאַ, איך וויים, איך וועל אַצינד
מיטן קרוג נאָך וואַסער גיין.

כ'נעם דעם קרוג און הייד — געגאַנגען!
ליגט מיין ליבסטער צווישן בלומען
ווי אַ שמעטערלינג געפאַנגען.
און איך זאָג צו אים אַזוי:
און ס'וואַרגן מיך די טרערן —
„הויב זיך, טייערער, הויב זיך אויף
ניטע טראַכטן, ניטע קלערן!"

זאָגט מיין טייערער אַזוי:
„אויב דו וועסט מיר איינס און צוויי
ברענגען שוין און טאַקע באַלד
פון דעם דונאַי וואַסער קאַלטס,
פון דעם ים צוויי שטיקער אייז
און שוואַרצע יאַגעדעס פון וואַלד".

און איך זאָג צו אים אַזוי:
„זע, דאָס וואַסער איז שוין וואַרעם
און דאָס אייז איז שוין צערונען,
נאָר די יאַגעדעס אין וואַלד
האָב איך בליענדיק געפונען".

שמייכלט ער און זאָגט אַזוי:
„מיידל גאָלדנס מיידל פיין,
זע, דו ביזט שוין אַזאַ גרויסע
און דו קענסט מיך נישט פאַרשטיין.
וואַסער קאַלטע — דיינע ליפּן,
שטיקער אייז — די אָרעמס דיינע
און שוואַרצע יאַגעדעס — די אויגן.

און איך בענק, גיי אויס נאָך זיי
ווי אַ שוואַלב אין פראָסט און שניי".

# פאַר אַלע האָט געזונגען דער קוקו

רומעניש

פאַר אַלע האָט געזונגען דער קוקו,
נאָר צו מיר האָט ער געזאָגט:
פאַרלאָז דאָס אייגענע דאָרף
נאָך איידער דער טאָג האָט געטאָגט
און דיין מיידל לאָז איבער אַ צווייטן.

פאַר אַלע האָט געררוישט די ווערבע,
נאָר צו מיר האָט זי געזאָגט:
פאַרלאָז דאָס אייגענע לאַנד
נאָך איידער דער טאָג האָט געטאָגט
און דיין מיידל לאָז איבער אַ צווייטן.

# מאַמעשי, דער מיאוסער בחור

רומעניש

מאַמעשי, דער מיאוסער בחור
וויל מיך נעמען פאַר אַ ווייב;
הער ווי ס'פלאַטערט מיין נשמה,
זע ווי ס'ציטערט מיר דאָס לייב.
אויב דו וועסט מיך, מאַמעשי,
צו דעם מיאוסן בחור געבן,
וועל איך נאָך אין מיטן דאָרף
נעמען זיך דאָס יונגע לעבן.

און וויסן זאָל די גאַנצע וועלט,
ליבע נעמט מען נישט מיט מיאוסקייט,
נישט מיט צירונג, נישט מיט געלט.
און די מאַמעס זאָלן וויסן
און געדענקען זייער לעבן —
אויב זיי האָבן שיינע טעכטער,
ווען זיי אַוועקצוגעבן.

# ווער ס׳ברענגט מיר היינט ביינאַכט

רומעניש

ווער ס׳ברענגט מיר היינט ביינאַכט
מיין געליבטן, היינט ביינאַכט —
דעם וועל איך מכבד זיין
מיט דריי עמערס רויטן וויין.

כ׳האָב פאַר אים דעם טיש געגרייט
און איבער דער גאַנצער שטוב פאַרשפּרייט
בלאָע און רויטע בלומען —
זאָל ער היינט נאָר קומען.
עפענט ער די ליפּן קוים,
ווייס איך תיכף וואָס ער וויל.
איך פאַרשטיי שוין זיינע רייד,
ווי, למשל, סע פאַרשטייט —
דאָס גרינע בלאַט פון עפּלבוים
דעם צייטיק־שיינעם עפּל.

# ס׳האָט זיך מיר ביינאַכט געחלומט

רומעניש

ס׳האָט זיך מיר ביינאַכט געחלומט:
ס׳איז מיין טייערע געקומען,
צוויי גאָלדענע זאַנגען אין איר גאַרטל,
און מיך היים אַרומגענומען.
און אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט
און מיין גוף אַרומגעטאַפּט,
מיט מיינע יונגע שטאַרקע הענט,
איז קיינער נישט אין שטוב געווען,
נאָר די בענקשאַפט אויף מיין קישן
האָט געפיבערט און געברענט.

# כ׳האָב געלאָזט אין דאָרף זיך גיין

רומעניש

כ׳האָב געלאָזט אין דאָרף זיך גיין,
ווייסע פייגל פון די בערג,
כ׳האָב געוואָלט מיין מאַמע זען,
ווייסע פייגל פון די בערג.
האָט געדעגנט און געשנייט,
ווייסע פייגל פון די בערג,
און דעם וועג צום דאָרף פאַרשנייט,
ווייסע פייגל פון די בערג.

כ׳האָב געוואָלט מיין שוועסטער זען,
ווייסע פייגל פון די בערג,
איז אַ שטורעם-ווינט געווען,
ווייסע פייגל פון די בערג.
כ׳האָב געוואָלט מיין מיידל זען,
ווייסע פייגל פון די בערג,
איז דער זונענשיין געווען,
ווייסע פייגל פון די בערג.

# אויף אַ גרינעם ניסנבוים

רומעניש

אויף אַ גרינעם ניסנבוים
זינגט אַ יונגער קוקו שטיל,
אונטן אויף צוויי צווייגעלעך
זינגען שטיל צוויי פייגעלעך.
אַזוי טרויעריק קלינגט דאָס ליד,
פליען בלעטעלעך אין ווינט —
ס׳זענען נישט קיין פייגעלעך,
ס׳זענען מיינע שוועסטערלעך.

אויף אַ צווייגל נידריקער
זינגט אַ גראָע טויב אַן אַלטע.
אַזוי טרויעריק קלינגט דאָס ליד.
פליען בלעטעלעך אין ווינט —
ס׳איז דאָך נישט קיין טויב קיין אַלטע,
ס׳איז מיין מאַמעשי די אַלטע.

מאַמע, ליבע שוועסטערלעך,
טרויערט נישט ביי טאָג, ביי נאַכט,
וואָס איך בלאָנדזשע אין דער פרעמד.
ווישט שוין אָפּ די טרערן אייך,
פאַרטרויערט נישט די יאָרן אייך.

## ס׳ליד פונעם יונגן יאָוואָ

סערביש

אויפן גאַנעק שטייט דער יונגער יאָוואָ,
פֿאַלט דער גאַנעק איין — אָ, גאָט גערעכטער —
און צעשמעטערט אים די רעכטע האַנט.

ווער־זשע קאָן אים היילן? אין די בערג
וואוינט די קלוגע, אַלטע ווילאַ,
נאָר זי מאָנט דערפֿאַר אַ הויכן לוין.

פֿון דער מאַמען — די רעכטע, ווייסע האַנט,
פֿון דער שוועסטער — די לאַנגע, שוואַרצע צעפּ
און פֿון זיין ווייב, איר שנירל פּערל.

גיט די מאַמע אָפּ איר רעכטע, ווייסע האַנט
און די שוועסטער — די לאַנגע, שוואַרצע צעפּ,
נאָר דאָס ווייב — זי גיט נישט אירע פּערל:

„ווי לאַנג איך לעב גיב איך נישט די פּערל,
די מתנה פֿון מיין טאַטן, זאָל זיך מיען״.
ווערט אין כעס די אַלטע ווילאַ פֿון די בערג,

שיט זי סם אַריין אין יאָוואָס עסן
און פאַרמאַכט אויף תמיד זיינע אויגן.
קלאָגן און וויינען דריי קוקאַווקעס:

איינע קלאָגט און הערט נישט אויף צו קלאָגן,
די צווייטע קלאָגט פאַרטאָגס און קעגן אָוונט
און די דריטע וויינט, ווען ס'געפעלט איר.

די, וואָס קלאָגט און הערט נישט אויף צו קלאָגן,
דאָס איז יאָוואָס אַלטע ווייסע מאַמע,
די, וואָס קלאָגט פאַרטאָגס און קעגן אָוונט,

דאָס איז יאָוואָס טיף באַצערטע שוועסטער,
און די, וואָס וויינט ווען ס'געפעלט איר,
דאָס איז יאָוואָס יונגינקע אלמנה.

# ביים שעפּן וואַסער

סערביש

איז געלאָפן ס׳גילדענע מאָרגנשטערנדל
איינצויאָגן די לבנה און דעריאָגן,
האָט עס נישט געקענט,
האָט עס נישט געקענט,
די לבנה דערלאַנגען,
די לבנה דעריאָגן.
האָט אַ ווינט זיי פאַרטראָגן
און זיי זיינען פאַרגאַנגען
הינטער אַ הויכן באַרג,
הינטער אַ גרינעם וואַלד,
הינטער אַ קילן וואַסער.

ביים וואַסער שטייט אַ מיידל
און נעבן איר אַן עמער;
זי שעפּט דאָס קלאָרע וואַסער
מיט די הענט די ווייסע,
מיט דעם גילדענעם עמער.

אויף אַ פערד אַ ווייסן רייט אַן אַלטער בחור
„אַ גאָט העלף דיר מיידל — בלוט און מילך,
אויב דו ווילסט, וועל איך דיר העלפן שעפּן".
„אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר, אַלטער בחור, אַלטער רייטער,
כ׳וועל אַליין דאָס וואַסער שעפּן ווייטער".

איז געפֿלויגן ס׳גילדענע מאָרגנשטערנדל
איינצוזאָגן די לבנה און דעריאָגן,
האָט עס נישט געקענט,
האָט עס נישט געקענט,
די לבנה דערלאַנגען
די לבנה דעריאָגן.

האָט אַ ווינט זיי פֿאַרטראָגן
און זיי זיינען פֿאַרגאַנגען
הינטער אַ הויכן באַרג,
הינטער אַ גרינעם וואַלד,
הינטער אַ קילן וואַסער.

ביים וואַסער שטייט אַ מיידל
און נעבן איר אַן עמער;
זי שעפּט דאָס קלאָרע וואַסער
מיט די הענט די ווייסע,
מיט דעם גילדענעם עמער.

אויף אַ פֿערד אַ שטאָלצן רייט אַ יונגער בחור.
„אַ גאָט העלף דיר מיידל — בלוט און מילך,
זאָג איין וואָרט בלויז און איך וועל דיר העלפֿן".
„העלף מיר, יונגער בחור, העלף מיר, יונגער רייטער
כ׳האָב קיין כוח נישט צו שעפּן וויטער".

# ביים קאַלאַ־טאַנץ

סערביש

„יעליצאַ מיין ווייב — זאָגט פּעטרע —
איז די שענסטע פרוי פון אַלע;
שענער נאָך פון איר, דער ווייסער
ווילדער ווילאַ פון׳ם וואַלד״.

קלאַפּט אין טויער אָן די ווילאַ
און זי רופט אים אָן ביים נאָמען
און זי זאָגט אַזוי צו זאָגן:
„פיר אַרויס דיין ווייב, באַרימער —
האָסט געזאָגט, אַז זי איז שענער,
שענער נאָך פון מיר, דער ווילאַ״.

הערט ער און פאַרנעמט די ווערטער
און ער צירט זיין ווייב מיט צירונג
און ער נעמט זי ביי דער האַנט אָן
און ער פירט זי צו צום טויער.
און זי איז בפירוש שענער,
דריי מאָל שענער פון דער ווילאַ.

ס׳איז איר קלייד פון ווייסן זיידנס,
ס׳גרייכן אירע האָר די קנעכל
און די פּערל־שנור — דעם גאַרטל,

און די גאָלדענע רינגען אירע
בלישטשען, בלענדן ווי די זון.

הויבט די אויגן אויף די ווילאַ
און זי זאָגט אַזוי צו זאָגן:
„ס'איז דיר גרינג זיך צו באַרימען,
אַז דיין ווייב איז גאָר די שענסטע,
שענער נאָך פון מיר, דער ווילאַ.
ס'האָט אַ מאַמע זי געבוירן,
אין זיידענע וויקעלעך געוויקלט
און מיט מאַמע־מילך געזויגן.
אָבער מיך, די ווייסע ווילאַ,
האָט דער ווילדער וואַלד געבוירן
און דעם טוי פון די פאַרטאָגן
האָב איך בלויז אַלס קינד געזויגן.
און די ניאַניעס מיינע זענען
די ווינטן פונ'ם וואַלד געוועזן.

# פאַרוואַנדל זיך, נשמה מיינע

סערביש

פאַרוואַנדלט זיך, נשמה מיינע,
אין אַ רויטער רויז אין גאָרטן, —
איך אַליין וועל זיך פאַרוואַנדלען
אין אַ ווייסן שמעטערלינג.

און איך וועל אַנידערפאַלן
אויף דער רויטער רויז אין גאָרטן,
הענגען אויף די רויזנבלעטער
סיי ביי־טאָג און סיי ביינאַכט.

זאָגן וועלן דאַן די מענטשן:
„זעט, ווי ס׳גריזשעט אָפּ די רויז
יענער ווייסער שמעטערלינג״.
אָבער איך — איך וועל דיך קושן.

## מיידלישקייט

סערביש

אַי, דו מיידל, גאָלדן מיידל,
פון וואָס שמעקן דיינע ברוסטן:
פון מאַראַנצן? צי פון רויזן?
אפשר גאָר פון אימאָרטעלן?

אַי, ביזטו אַ טיפּש, בחור:
מיינע ווייסע ברוסטן שמעקן
נישט פון רויזן און מאַראַנצן,
אַפילו נישט פון אימאָרטעלן,
נאָר זיי שמעקן מיט מיין ריינער,
מיט מיין יונגער מיידלישקייט.

# שלים־מזל און מזל

אויפן באַרג, דעם הויכן באַרג
בליט אַ בוים —
אונטערן בוים זיצט אַ מיידל
און איז פריילעך.
זאָגט זי צו דעם יונגען בחור:
„קום היינט אָוונט,
נאָר אַז דו קריכסט דעם פּלויט אַריבער
צעברעך נישט גאָרנישט;
און אַז דו קומסט אין הויף אַריין
מאַך נישט קיין ליאַרעם;
און אַז דו קומסט אין שטוב אַריין
שוייג און רעד נישט".

זיצט דער בחור אויפן פּלויט,
צעברעכט אַ ברעט;
און אַז ער קומט אין הויף אַריין
בילן הינט;
און ווי ער עפנט אויף די טיר
פאַלט אום דער צעבער,
קייקלט זיך דער צעבער און
צעברעכט די טעפּ.

כאַפּט זיך אויף די אַלטע מאַמע
זען וואָס ס'הערט זיך,
טאַפּט זי, טאַפּט זי אין דער פינצטער
און צעברעכט אַ פּוס.

כאַפּט זיך אויף דער אַלטער טאַטע
זען וואָס ס'הערט זיך,
צינדט ער אָן אַ שוועבעלע
און צינדט אָן די באָרד.

לעשט דער בחור אָפּ די באָרד
און אַנטלויפט מיט זיין געליבטער.
דאָס הייסט מזל!

# נישטאָ קיין סודות

סערביש

ס'האָבן זיך געקושט צוויי פאַרליבטע אין פעלד,
געמיינט, אַז קיינער וועט נישט זען —
נאָר געזען האָט זיי דאָס גרינע פעלד
און אויסגעפּלוידערט פאַר די ווייסע שאָף.
און די שאָף דערציילט עס זייער פאַסטוך
און דער פאַסטוך דעם וואַנדערער אין וועג,
דער וואַנדערער האָט עס פאַרטרויט דעם שיפער
האָט דער שיפער עס געזונגען פאַרן שיפל.
דאָס שיפל דערציילט עס פאַרן וואַסער,
האָט דאָס וואַסער עס געזאָגט דער מאַמען,
וואָס האָט ביים קילן ברעג געוואַשן וועש.

האָט דאָס מיידל אַלע זיי פאַרשאָלטן:
„פעלד, אַז קיינמאָל זאָלסטו גרין נישט ווערן;
ווייסע שאָף, וועלף זאָלן אייך פאַרצוקן.
פאַסטוך, קעפּן זאָלן דיך די טערקן,
וואַנדערער, די פיס זאָלן דיר פאַרוויאַנען,
שיפער, די כוואַליעס זאָלן דיך פאַרשלינגען,
שיפל, אַ פייער זאָל דיך פאַרברענען
און וואַסער דו, דו זאָלסט פאַרזיגלט ווערן".

# דעם מיידלס קללה

סערביש

אַ מיידל באָדט זיך אין דרענאָווא-טייך,
לייגט זי די קליידער אויפֿן גרינעם גראָז
און דאָס העמדביים קילן ברעג אַנידער.
גנבעט זיך אַוועק דער פּאַסטוך פֿון די שאָף,
פּאַמעלעך, שטיל און גנבעט צו דאָס העמד.

שעלט דאָס מיידל, אַז דאָס וואַסער ציטערט:
„דעם, וואָס האָט דאָס העמד מיר צוגענומען,
זאָלן זיך מערן די שעפּעלעך אין שטאַל;
פֿלינקע פֿערד זאָלן שפּרינגען אויף זיין פֿעלד;
זיין קאָרן זאָל זיך בויגן טיף אין טאָל
און זיין קאַסע זאָל זינגען און זאָל קלינגען".

אָט די קללות הערט דעם פּאַסטוכס מאַמע:
„ווער ס'שעלט אַזוי מיין זון, דעם פּאַסטוך,
זאָל אויף האַרבסט זיך פֿאַרען אין מיין הויז
און דעם צווייטן האַרבסט אַ יינגל האָבן
און איך, די באָבע, וועל עס וויגן און פֿאַרוויגן.

# דו וועסט גיין מיטן באַרג

פויליש

דו וועסט גיין מיטן באַרג,
דו וועסט גיין מיטן באַרג,
און איך מיט דער דאָלינע —
דו וועסט בליען — אַ רויז,
דו וועסט בליען אַ רויז
און איך אַ קאַלינע.

דו וועסט זיין אַ פּריצה,
דו וועסט זיין אַ פּריצה,
מיט פעלדער און מילן —
און איך וועל זיין אַ גלח,
און איך וועל זיין אַ גלח,
אין אַ קלויסטערל אַ שטילן.

אין קאָטשן וועסטו פאָרן,
אין קאָטשן וועסטו פאָרן,
מיט זעקס פערד געשפּאַנט —
און מיר וועלן די אָרימע,
די פּויערים די אָרימע —
קושן די האַנט.

און אַז מיר וועלן שטאַרבן,
און אַז מיר וועלן שטאַרבן,
וועט מען מיט גאָלד
אויף דער מצבה קריצן,
אויף דער מצבה קריצן:
אַזוי האָט גאָט געוואָלט.

און ווער ס׳וועט פאַרבייגיין,
און ווער ס׳וועט פאַרבייגיין,
וועט ער בלייבן שטיין —
און טראַכטן — אַז ליבע,
און טראַכטן: אַזאַ ליובע,
און וועט ווייטער גיין . . .

# דאָס עפּל־בוימעלע

פּויליש

אַן עפּל-בוימעלע האָט זיך צובליט
נישט ווייט פון גערטנדל, צוויי דריי טריט;

דער ווייסער צוויט האָט די ווינט פאַרשנייט —
איצט זענען די עפּל צייטיק און גרייט.

טאָ ווער וועט מיר רייסן די עפּל די רויטע,
אַז יאַש איז גאָר ברוגז אויף מיר — דער שוטה.

אַ גאַנצן פרילינג האָט ער געגאַרט:
וואַקס אונטער, קאַסיענקאַ — איך וואַרט;

אַ גאַנצן זומער געשטיפט און גערעדט,
אַ גאַנצן זומער געקושט און געגלעט;

אַ גאַנצן הארבסט בעת ס׳האָט גערעגנט,
האָב איך אים ביים הינטערטירל באַגעגנט;

אַ גאַנצןווינטער בסוד פאַר דער מאַמען,
געשטיפט און געהוליעט מיט אים צוזאַמען.

איצט זענען שוין צייטיק די עפּל די רויטע
און יאַש איז גאָר ברוגז אויף מיר — דער שוטה.

איצט טשירקען שוין ווידער די גרילן אין גראָז —
געקומען, געגאַנגען און איך ווייס נישט צו וואָס?

# שפּאָט־ליד

פּויליש

קרייעט די שוואַרצע הון,
אַ רעגן מיט אַ זון,
דעם קאָוואַלס אשה לאַכט
האַ־האָ־האַ, האַ־האָ־האַ.
דעם קאָוואַלס האַמערס קלינגען
און אַלע פּאַנעס שפּרינגען
ביזקל זייגער אַכט
האַ־האָ־האַ, האַ־האָ־האַ.

העי, דו, יאַנעק, יאַנעק,
וואָס שטייסטו אויפֿן גאַנעק,
און האַלטסט אין האַנט דאָס קרענצל
האַ־האָ־האַ, האַ־האָ־האַ.
קאַסיאַ וועט דיר כ׳לעבן,
דאָס צווייטע קרענצל געבן,
קום און כאַפּ אַ טענצל!
האַ־האָ־האַ, האַ־האָ־האַ.

אין וואַלד, אין וואַלד שפּאַצירט זי,
דאָס צווייטע קרענצל פירט זי
און וויאָקעט צו דעם פערדל
האַ־האָ־האַ, האַ־האָ־האַ.
און דער צאַפּ דער שוטה,
באַטראַכט איר קלייד דאָס רויטע
און שאָקלט מיטן בערדל,
האַ־האָ־האַ, האַ־האָ־האַ.

מיט די פיסעלעך שפּרינגט זי,
מיט די טאָלערלעך קלינגט זי,
און אַ לידעלע זינגט זי,
האַ־האָ־האַ, האַ־האָ־האַ.
די טאָלערלעך זענען נישט אירע,
זי וואוינט אין אַ פרעמדער דירה
און אָי — איז דאָרט אַ קרירה,
האַ־האָ־האַ, האַ־האָ־האַ.

# מאַטשעיו, מאַטשעיו

פּויליש

„מאַטשעיו, מאַטשעיו, וואו פאָרסטו, מיין טרייסט?"
„טאָרסט עס נישט וויסן, דו ווייסט".
„נאָר אַז כ'וועל דיך אַ בעט טאָן
און כ'וועל דיך אַ גלעט טאָן,
וועסטו מיר שוין זאָגן, מיין טרייסט".
„אין וואַלד אַריין פאָר איך, דו ווייסט".

„טאָ נעם־זשע מיך מיט, ס'איז נישט קיין חטא".
„טאָרסט עס נישט וויסן. דו ווייסט".
„נאָר אַז כ'וועל דיך אַ בעט טאָן
און כ'וועל דיך אַ גלעט טאָן,
איז גיי איך מיט דיר אַ געוועט . . ."
זעץ דיך אויף, נאָר צוברעך נישט קיין ברעט".

„וואָס פירסטו דו אין וואָגן, מאַטשעיו, מיין קרוין?"
„טאָרסט עס נישט וויסן, דו ווייסט".
„נאָר אַז כ'וועל דיך אַ בעט טאָן
און כ'וועל דיך אַ גלעט טאָן,
וועסטו מיר שוין זאָגן, מיין קרוין".
„נו, עפּעלעך פיר איך און שוין".

„טאָ גיב מיר אַן עפּל, מאַטשעיו, מיין קרוין".
„טאָרסט עס נישט וויסן, דו ווייסט".
„נאָר אַז כ'וועל דיך אַ בעט טאָן
און כ'וועל דיך אַ גלעט טאָן,
וועסטו מיר שוין געבן, מיין קרוין".
„אַ ווערעמדיקס נעם דיר און שוין".

„טאָ לאָז דיר אַ קוש טאָן, מאַטשעיו, מיין קרוין".
„טאָרסט עס נישט וויסן, דו ווייסט".
„נאָר אַז כ'וועל דיך אַ בעט טאָן
און כ'וועל דיך אַ גלעט טאָן,
וועסטו זיך שוין לאָזן, מיין קרוין".
„קוש, נאָרביים נישט און שוין".

# אַ קאָטער מיט גילדענע שפּאָרן דרייט זיך אַרום אין הויז

פּויליש

„ווער דרייט אין הויף זיך, טעכטערל,
צי האָסטו נישט געהערט?"
„ס'איז דער קאָוואַל, מאַמעשי,
וואָס פּאָיעט אָן די פערד".

„ווער פּאָרעט זיך, אוי, טעכטערל,
ווער פּאָרעט זיך אין הויז?"
„ס'איז, מאַמעשי, דאָס קאָטערל,
וואָס נישטערט נאָך אַ מויז".

„וואָס שעפּטשעט דאָרטן, טעכטערל,
זאָג, ווער קען עס זיין ?"
„ס'כלעפּטשעט אונזער קאָטערל
די מילעך פון דער ריין".

„צי האָט אַ קאָטער, טעכטערל,
צי האָט אַ קאָטערל הענט ?"
„ער האָט אַ גילדן פינגערל,
וואָס בלישטשעט און וואָס בלענדט".

„צי האָט אַ קאָטער, טעכטערל,
צי האָט אַ קאָטערל פּיס ?"
„צוויי גילדענע שפּאָרן מאַמעשי,
האָט ער אויף געווים".

„צי האָט אַ קאָטער, טעכטערל,
צי האָט ער דען אַ קאָפּ ?"
„ער האָט אַ סויבלען היטעלע,
וואָס פאַלט אים נישט אַראָפּ".

„צי האָט אַ קאָטער אויגענעס,
זאָג מיר — יאָ צי ניין ?"
„אַוודאי האָט ער, מאַמעשי,
צו זען ביינאַכט צו גיין".

„ס'איז ענג דיין מידער טעכטערל —
אַ ווייטאָג און אַ קלאָג".
„אַזאַ מין וועלט איז, מאַמעשי,
געוואָרן היינט צו טאָג".

„ס'איז קורץ דיין קליידל, טעכטערל,
און ס'פלאַמט ביי דיר די באַק".
„דער שניידער האָט געגנבעט טוך,
אָט דער פאַסקודניאַק".

„ס'ווײנט אַ קינד, מיין טעכטערל —
ווי איז מיר און ווינד".
„ס'איז, מאַמע קרוין, ס'איז, מאַמע גאָלד,
דער שכנטעס אַ קינד".

„און אפשר איז דאָס, טעכטערל,
און אפשר איז דאָס דיינס?"
„יאַש האָט אויך אַ חלק דרין,
ס'איז ביידנס — מיינס און זיינס".

צי ווייסטו כאָטשי טעכטערל
וואָס דיר קומט דערפאַר?"
„האָסט מאַמע אויך אַזוי געטאָן —
טאַ מאַך זיך נישט צום נאַר".

# ביים רויטן ים

פויליש

ווּיגט דער ווינט די גראָזן,
וויגט זיי אַהין און אַהער
און יאַש שרייבט צו זיין מיידל
אַ בריוו פֿונ׳ם מיליטער.

„צי שרייבסטו יאָ, צי ניין,
דיין בריוו וועל איך נישט לעזן,
ווייל ס׳איז מיין ליבע צו דיר
אַ ליגנט בלויז געוועזן“.

„צי ליבסטו מיך יאָ, צי ניין,
בין איך דאָך דיין באַשערטער
און כ׳היט אָפּ אין מיין האַרצן
דיינע טייערע ווערטער“.

אַט זענען די רעקרוטן
צו דעם רויטן ים געקומען —
מיט פֿאָרן און מיט שווימען
קען קיינער צו זיי נישט קומען.

פליט אַ גראָער שפּאַרבער
איבער די ווייטע ערטער,
און ברענגט צו טראָגן פון פוילן
שטילע, טרויעריקע ווערטער.

„זאָג, דו גראָער שפּאַרבער,
וואו האָסטו פאַרלוירן דיין פעדער?
און וואָס טוען אונזערע מאַמעס
אין די ווינשל-סעדער?"

„נאָר נישט געאיילט זיך, קינדער,
איר וועט עס תיכּף הערן:
די טאַטעס און די מאַמעס
וויינען מיט ביטערע טרערן.

די טאַטעס און די מאַמעס
געדענקען דאָס געזעגענען —
און מירצעשעם אויף יענער וועלט
וועט מען זיך באַגעגענען".

# אַ יעדן אינדערפרי

ציגײַנעריש

אַ יעדן אינדערפרי
ביים ערשטן שיין פון ליכט
פרעג איך: וואו איז ער? —
און וואַש מיר דאָס געזיכט,
נישט מיט קלאָרן וואַסער
און נישט מיט פייכטן טוי,
נאָר מיט מיין הייסער טרער.

# אָנפרעג

ציגײַנעריש

כ׳האָב געפרעגט די ווײַסע גאַנדז
בײַ דעם ראַנד פון דאָרף:
„ווײַסע גאַנדז, צי האָסטו נישט
מײַן געליבטן וואו געזען?״
ווײַסט די גאַנדז נישט וואָס און ווען:
ניין!
זי האָט אים נישט געזען.

כ׳האָב געפרעגט דעם רויטן האָן
בײַ דעם ראַנד פון דאָרף:
„רויטער האָן, צי האָסטו נישט
מײַן געליבטן וואו געזען?״
ווײַסט דער האָן נישט וואָס און ווען:
ניין!
ער האָט אים נישט געזען.

כ׳האָב געפרעגט דעם שוואַרצן ראָב
ביי דעם ראַנד פון דאָרף:
„שוואַרצער ראָב, צי האָסטו נישט
מיין געליבטן וואו געזען?״
ווייסט דער ראָב שוין וואָס און ווען
פאָכט ער מיט די פליגל:
„אויף דער תליה הויך
הענגט ער און דער ווינט
הוידעט אים אַהין אַהער.

אַ דאַנק דיר, בת יחידה —
האָסט אים גנבענען געשיקט —
וועל איך מיט מיין אַלטיטשקער,
מיין געטרייער אַלטיטשקער,
האָבן היינט אַ סעודה״.

# די שלעכטע שוויגער

ציגײַנעריש

„קראַנק בין איך, מײַן מאַן,
איך פֿאַרלאָז דיך באַלד,
שטאַרבן וועל איך שטאַרבן
דאָ אין גרינעם וואַלד".

„וואָס האָסטו געגעסן,
וואָס האָסטו געטרונקען?
זאָג, מײַן טײַער לעבן".

„שלאַנגען-מילך צו טרינקען,
שלאַנגען-פֿלייש צו עסן
האָט דײַן מאַמע מיר געגעבן".

„אוי, דו שלעכטע מאַמע,
האָסט מײַן גליק פֿאַרדאָרבן,
ס'איז מײַן ווײַב געשטאָרבן,
וואָס-זשע טויג מײַן לעבן?
וואָס-זשע טויג מײַן וועלט?
ס'איז דער טויט מיר ליבער,
ליבער ווי דאָס לעבן".

מיט דעם בלאַנקען מעסער
מיט דעם שאַרפֿן מעסער
שטעכט ער זיך אין האַרצן:

„מאַמע, בייזע מאַמע,
וואָס וועט פון דיר ווערן,
צי וועסטו דען נאָך קענען
זיך פרייען מיט די שטערן?

האַרץ, מיין אָרעם האַרץ,
ווערסט איצט קאַלט און שטיל
און דער זומער־ווינט
אָטעמט מיד און קיל״.

אין אַ טיפן קבר
אויפן פרייען פעלד
שלאָפן זיי צוזאַמען.
גיי מיט שטילע טריט,
און אויב דו זינגסט אַ ליד,
זע, דערמאָן זיי ניט,
די שלעכטע מאַמע.

# צוזאָג

ציגײַנעריש

„ווײַן נישט, ווײַן נישט, טײַער קינד,
ווײַן נישט, קעצעלע,
איך וועל גיין אין מאַרק אַרײַן,
אין מאַרק אַרײַן און קויפֿן דיר
נײַע שײַנע בענדער”.

„אוי, שײַנע בענדער דאַרף איך ניט,
שײַנע בענדער האָב איך שוין,
עפּעס אַנדערש קויף פֿאַר מיר,
מאַמע, מאַמע קרוין”.

„ווײַן נישט, ווײַן נישט, טײַער קינד,
ווײַן נישט, קעצעלע,
איך וועל גיין אין מאַרק אַרײַן,
אין מאַרק אַרײַן און קויפֿן דיר
שײַנע ברוינע שיכלעך”.

„כ׳דאַרף נישט, כ׳דאַרף נישט, מאַמע קרוין,
שײַנע שיכעלעך האָב איך שוין,
עפּעס אַנדערש קויף פֿאַר מיר,
מאַמע, מאַמע קרוין”.

„ווײַן נישט, ווײַן נישט, טײַער קינד,
ווײַן נישט, קעצעלע,
איך וועל גיין אין מאַרק אַרײַן,

אין מאַרק אַריין און קויפן דיר
אַ קליינטשיק חזירל,
ווייַן נישט, קעצעלע״.

„אוי, נימע, נימע, מאַמע קרוין,
אַ חזירל דאָס האָב איך שוין,
עפּעס אַנדערש קויף פאַר מיר,
מאַמע, מאַמע קרוין״.

„ווייַן נישט, ווייַן נישט טייער קינד,
ווייַן נישט, קעצעלע,
איך וועל גיין אין מאַרק אַריין,
אין מאַרק אַריין און קויפן דיר
אַ שיינעם יונגן בחור״.

„טאַקע, טאַקע, מאַמע קרוין,
לויף אין מאַרק און טאַקע שוין
און קויף אים — פאַר צען גילדן.
און אויב מ׳עט וועלן עפּעס מער,
דינג זיך נישט און ברענג אַהער
דעם שיינעם יונגן בחור״.

# דער טויטער מאַן

ציגײַנעריש

„אָי, מאַמע, מאַמע, יעדע נאַכט
הער איך ווי אין מײַן געצעלט
מורמלט עפּעס און ס'רעדט:

ווײַ איז מיר, מײַן טײַערע,
כ'ליג אַליין אין קבר,
כ'ליג אַליין און וואַרט און וואַרט
און דו קומסט נישט.
ס'איז קאַלט און טיף און נאַס מײַן קבר
און דו קומסט נישט . . .
שטיי איך אויף אַ יעדע נאַכט
און איך קום צו דײַן געצעלט.
באַלד וועל איך שוין מער נישט קומען
ס'פֿוילן מיר שוין בײַדע פֿיס . . .

שטעל אַ צלם אויף מײַן קבר,
ווערט עס זײַן פֿאַר מיר אַ פֿערד.
זיבן נעכט האָב איך, אוי, מאַמע,
אָט די ווערטער שוין געהערט".

זאָגט אַזוי די אַלטע מאַמע:
„דער, וואָס רעדט צו דיר אַזוי,
דאָס איז ער, דיין טויטער מאַן.

ס׳איז אים אומעטיק צו ליגן
אַליין אין קבר,
טו זשע טאָכטער זיין באַגער,
שטעל אַ צלם אויף זיין קבר.
זאָל ער זיין פאַר אים אַ פערד
ביז דער קאָפּ וועט נעמען פוילן
און ער וועט ווי אַ דערלייזטער
קומען אין דעם לאַנד פון טויטע״.

הערט די יונגענקע אַלמנה,
הערט דער מאַמעס קלוגע עצה.
און זי שטעלט אַ צלמל,
אַ פּשוט צלמל אַנידער
אויף דעם שטילן קבר.

„פאַרוואַנדל זיך, דו צלמל,
אין אַ פערדל, אין אַ שלאַנקן,
איך וויל רייטן, איך וויל רייטן
מיט דער נאַכט און מיט די ווינטן.
צו מיין ווייבעלע דעם יונגן,
צו מיין טייבעלע דעם שיינעם,
כ׳וויל זי נעמען, כ׳וויל זי ברענגען
צו מיין קבר, אין מיין קבר״.

ווערט דאָס צלמל אַ פערדל
און ס׳פליט ווי זיבן ווינטן
שנעלער שנעלער, שנעלער שנעלער,
די פּאַדקאָוועס שפּריצן פייער.

שטייט די יונגענקע אלמנה,
שטייט און ציטערט און זי וואַרט . . .

שפּרינגט אַראָפּ דער טויטער רייטער
און ער נעמט זי אין די אָרעמס
און זיי רייטן און זיי רייטן
איבער וועג און וואַלד און ווינט.

„ווײ מיר, גוטער, ווײ מיר, ליבער,
ס׳איז דיין פערד צום ווינט געגליכן".

„נישט דער ווינט האָט עס געבאָרן,
פון פּשוט האָלץ איז עס געוואָרן,
פון דעם צלמל, געטרייע,
וואָס דו האָסט מיר אויפגעשטעלט".

„ווײ איז מיר, מיין מאַן געטרייער,
ס׳פוילן דאָך ביי דיר די פיס".

„אין דעם טיפן פייכטן קבר
האָבן זיי גענומען פוילן".

„ווײ איז מיר, מיין מאַן געטרייער,
ס׳זילבערן דיינע האָר ווי שניי".

„יאָ, זיי זענען ווייס געוואָרן,
די לבנה שיינט אויף זיי".

פליט דאָס פערד ווי זיבן ווינטן
און דער קבר וואַרט,
אָפן, גרייט . . .
און פאַרשלינגט זיי זאַלבעצווייט.

# האַר און קנעכט

ציגיינעריש

זאָגט דער קנעכט צום פּריץ: „האַר,
כ'האָב די פּריצה ליב, אַ האַר".
שטייט דער פּריץ שטום —
ביריבאַרירום.

„פאַר איין נאַכט מיט איר, מיט איר
גיב איך אַלע הימלען דיר".
שטייט דער פּריץ שטום —
ביריבאַרירום.

„ס׳האָט די פּריצה דיך נישט ליב,
כאָטש זי זאָגט, זי האָט דיך ליב״.
שטייט דער פּריץ שטום —
בירבאַרירום.

דו ביזט גראָ און דו ביזט אַלט,
ס׳איז דיין גוף פאַרוויאַנעט קאַלט״.
שטייט דער פּריץ שטום —
בירבאַרירום.

„זי איז ווי דער שטערן־שיין
און האָט ליב נאָר מיך אַליין״.
שטייט דער פּריץ שטום —
בירבאַרירום.

„שיין איז זי — די גאַנצע וועלט,
דו — אַ גראָ און האַרבסטיק וועלד״.
שטייט דער פּריץ שטום —
בירבאַרירום.

„שטאַרב־זשע, אַלטער, שטאַרב־זשע גיך
ווייל די פּריצה וויל נאָר מיך,
שטאַרב און ווער שוין שטום״ —
בירבאַרירום.

צו דער פּריצה זאָגט דער האַר:
— כ'האָב געטויט דיין קנעכט, דעם נאַר״.
שטייט די פּריצה שטום —
ביריבאַרירום.

„און איז מיין ליבסטער קאַלט און טויט,
בין איך אויך צו שטאַרבן גרייט״.
פאַלט זי בלייך און שטום —
ביריבאַרירום.

פּריץ, פּריץ, בייז און שלעכט,
ס'שלאָפט די פּריצה מיט איר קנעכט
אין איין קבר שטום —
ביריבאַרירום.

פון דעם קבר שפּראָצט אַרויס
אַ בעריאָזקע און אַ רויז,
ציטערן זיי פרום —
ביריבאַרירום.

נויגן זיי זיך פאַר דעם ווינט
זינגען אים דאָס לידל — קינד
און נעמען זיך אַרום —
ביריבאַרירום.

# אַ גוטע עצה

ציגיינעריש

רוישט דאָס וואַסערל הינטער דער מיל,
שטייט דאָס מיידל און הערט צו שטיל:

מיידל, דעם קאָוואַל האָב נישט האָלד,
פאַרשמירט און פאַרסאַזשעט איז תמיד דער יאָלד.

גלויב נישט דעם וואַנדערער, מיידעלע דו,
תמיד פאַרגעסט ער וואָס ער זאָגט צו.

אַפילו דעם האַר מיטן בלייכן געזיכט
האָב אים נישט ליב, ווייל ער צאַנקט ווי אַ ליכט.

דעם קלעזמער האָב ליב, דו מיידעלע פיין,
זיין פידל שפּילט פרייד דיר אין האַרצן אַריין.

# מיידל אין פעלד

ציגײַנעריש

מיידל גייט אַליין אין פעלד,
גאָלדיק שיינט די גאַנצע וועלט,
נאָר דאָס מיידל גייט אַליין
און ס׳וואַרגט זי אַ געוויין.

„זאָגט מיר, גאָלדענע קאָרן־זאַנגען,
איז דאָס אמת, אַז ער איז
אויף תמיד אַוועקגעגאַנגען?
האָט ער טאַקע מיך גענאַרט —
גאָלדענער זונשטראַל, זאָג מיר, ליבער —
איז דאָס אמת, אַז מיין קרענצל
איז פאַרוויאַנעט און פאַרדאַרט?
אָט דער קראַנץ, וואָס ער מיין לעבן
האָט ערשט נעכטן מיר געגעבן".

וויגן זיך די זאַנגען, וויגן:
„מיידל, ס׳איז אַן אַלטער ניגון,
מיידל, ס׳איז אַן אַלטע ליד,
וואו די ליבע גייט, נישט תמיד
גייט מיט איר די טריישאַפט מיט.
זעלטן גייען זיי צוזאַמען,
ווי צוויי קינדער פון איין מאַמען.
אָפט מאַכט ליבע דיך צום נאַר
און זי לאָזט דיר אַ נעדיזנע,
חרטה, טרערן, פיין און צער".

און דער זונשטראַל ציטערט, ציטערט:
„ליבע איז נישט תמיד פרייד,
ליבע שפּילט זיך אָפט פאַרביטערט
מיט דער קרוין פון טרויעריקייט.
און דו ליגסט אין דיין געצעלט,
פול מיט קלאָג און מיט באַדויער,
און דיין האַרץ ווערט מיד און מידער
פון דער ליבע און איר טרויער״.

זאָגט דאָס מיידעלע מיט טרערן,
זאָגט דאָס מיידעלע מיט צער:
„אויב די ליבע איז אַ שפּיל נאָר
און זי מאַכט אונז אָפט צום נאַר,
אויב די טריישאַפט טוט זי מיידן
און מיט איר גייט נאָר די פּיין —
איז אַדיע, דו זונענשיין,
איז אַדיע, איר קאָרנזאַנגען!

דאָרט אין יענעם קילן טייכל
וועל איך שלאָפן, וועל איך ליגן
און די ווערבע וועט מיר רוישן
יעדע נאַכט איר אַלטן ניגון
פון אַ לעבן און אַ ליבע —
נישט דערשפּילט און נישט דערגאַנגען.

# די וואַנדערער

ציגיינעריש

די וואַסערן פון טייכל שווימען אַוועק,
גייען צוויי שיינע מיידלעך ביים ברעג:
„טרויעריק איז, טייבעלע, מיר,
טרויעריק איז, קעצעלע, מיר".
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

„ניין, נאָר נישט טרויעריק זיין —
פאָלג מיך, דו שוועסטערל מיין,
דאָרט וואו מיר איילן זיך
איז שענער פון שיין".
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

זיצן ביים ברעג ביינאַנד
צוויי מיידלעך האַנט אין האַנט —
אַ בחורל יונג און שלאַנק
קומט פון אַ וויטן לאַנד.
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

אויגן זיינע — טונקל-ברוין,
אויגן זיינע — טריב,
גלייך אים וואָלט אָפּגענאַרט
די, וואָס ר'האָט ליב.
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

„דיינע אויגן, בלום פון סטעפּ,
מיידעלע פיין,
זיי כּישופן, כּישופן מיך
אין אַ כּישוף אַריין".
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

„ביזט אומעטיק, בחורל מיין,
קוק מיר אין האַרץ אַריין.
איך בין אַזוי עלנט דאָ,
מוזטו שוין מיינער זיין".
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

אַ צווייטער קומט בלייך און מיד,
גייט זיך און פייפט אַ ליד,
זעט ער אַ פּאָרל רעדט,
קושט, האַלזט זיך און גלעט.
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

„איך קוש דיר די ליפּן אויס,
איך טרינק דיר דעם אָטעם אויס,
דו ביזט די שענסטע, דו,
דו,דו מיין רויז".
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

צוויי פּאָרלעך האַנט אין האַנט
גייען זיך האַנט אין האַנט,
היט זיי די ליבע, היט
און טרילערט אַ ליד:
קלאָר וואַסערל, דיין וועל
פאַרוואָס אַנטלויפט אַזוי שנעל?

# איך גיי און פאַרגיי מיטן וואָלקן

נעגעריש

ווען ס׳וועט זיך צעבליִען אַ מאָרגנדיק רויט,
וועל איך גיין און פאַרגיין מיטן וואָלקן.

צו מיין ערדישער מי וועט געזעגענען דער טויט
און כ׳וועל גיין און פאַרגיין מיטן וואָלקן.

ווען מיר וועלן זיך, ברידער, שוין מער נישט זען,
וועל איך גיין און פאַרגיין מיטן וואָלקן.

איך, אָרעמער וואַנדערער, איינער אַליין,
וועל גיין און פאַרגיין מיטן וואָלקן.

ביי די הימלישע טויערן וועל איך שטיין
און גיין און פאַרגיין מיטן וואָלקן.

און וועל זינגען פאַר גאָט, ווי אַ מלאכל שיין
און גיין און פאַרגיין מיטן וואָלקן.

באַשאַפער פון אַלץ און האַר פון מיין זעעל,
איך גיי און פאַרגיי מיטן וואָלקן.

דאָ שטייט אַ סאָלדאַט, וואָס פירט אויס דיין באַפעל
און גייט און פאַרגייט מיטן וואָלקן.

# ליבע ליד פון אַ וואַגאַבונד

נעגעריש

מיידל, שעם זיך ניט,
פאַרנעם, פאַרנעם מיין ליד,
הער אויף צו וויינען;
איך שטיי און קוק אויף דיר,
אַ פרעמדער ביי דיין טיר,
וואָס בין איך קעגן דיר
און דיינע חנען?

טאָ זיי זיך נישט מצער,
ס'וועט קיינער נישט דערפאַר,
חלילה, מיינען,
אַז איך האָב דיך געהאַט
און וועט דיך פאַר דעם חשד
מיט שטיין פאַרשטיינען.

טו אָפּ פון זיך די שרעק,
אָט נאָך אַ צוויי דריי טעג
גיי איך פון הי אַוועק;
דו זאָלסט נישט מיינען,
אַז כ'וויל אויף אייביק דיך
פענטען פעסט צו זיך
פאַר דיינע חנען.

קיין היים האָב איך דאָך ניט
און כ'וויל נישט — גאָט באַהיט —
דו זאָלסט נאָך מיינע טריט
באַדאַרפן וויינען.

# ליד פון די שטערן

אינדיאַניש

מיר זענען די שטערן, וואָס זינגען,
דאָס ליכט איז אונזער שטים,
מיר זענען די פייער־פייגל,
דאָס ליכט איז אונזער שטים.

מיר פלאַטערן איבער דעם הימל
און שניידן פאַר גייסטער אַ וועג
און הינטער אונז גייען דריי יעגער
און יאָגן אַ בער אין געיעג.

אַזוי איז עס תמיד געווען
און אַזוי וועט עס ווייטער זיין,
תמיד וועט יאָגן אַ יעגער
אַ בער אין וואַלד אַריין.

און מיר וועלן בלישטשען און פינקלען
ווי גרויסע זילבערנע טרערן
און קוקן אַראָפּ אין די תהומות
און זינגען דאָס ליד פון די שטערן.

# תּפילה פאַר אַ נײַ־געבוירן קינד

אינדיאַניש

איר אַלע דאָרט אין די הימלען —
זון, לבנה און שטערן —
איך בעט אײַך, איך טו אײַך באַשווערן:
אין אײַער מיט איז אַ לעבן אויפגעגאַנגען.
אַ יונגס, אַ ציטערדיקס אויפגעגאַנגען.
זײַט מסכּים און גיט אים אַ צײַכן!
מאַכט גלײַך אים די וועגן אַזוי, אַז ער זאָל
דעם שפּיץ פונעם ערשטן בערגל דערגרײַכן!

איר אַלע דאָרט אין דער לופטן —
נעפּלען, וואָלקנס און ווינטן —
איך בעט אײַך: פאַרנעמט מײַן תּפילה פון אונטן!
אין אײַער מיט איז אַ לעבן אויפגעגאַנגען,
אַ יונגס און אַ ציטערדיקס אויפגעגאַנגען.
זײַט מסכּים און גיט אים אַ צײַכן!
מאַכט גלײַך אים די וועגן אַזוי, אַז ער זאָל
דעם שפּיץ פונעם צווייטן בערגל דערגרײַכן!

איר בערג און איר טאָלן, בוימער, גראָזן און וואַסערן,
פאַרנעמט מײַן געבעט!
אין אײַער מיט איז אַ לעבן אויפגעגאַנגען,
אַ יונגס און אַ צאַפּלדיקס — זעט:
זײַט מסכּים און גיט אים אַ צײַכן:
מאַכט גלײַך אים די וועגן אַזוי, אַז ער זאָל
דעם שפּיץ פונעם דריטן בערגל דערגרײַכן!

איר פייגל, דאָרט אין דער לופטן, גרויסע און קליינע,
איר חיות, דאָרט אין די וועלדער, גרויסע און קליינע,
איר שרצים צווישן די קברים און אונטער דער ערד!
פאַרנעמט מיין תפילה און הערט:
אין אייער מיט איז אַ לעבן אויפגעגאַנגען,
אַ יונגס און אַ ציטערדיקס אויפגעגאַנגען.
זייט מסכים און גיט אים אַ צייכן!
מאַכט גלייך אים די וועגן אַזוי, אַז ער זאָל
דעם שפּיץ פונעם פּערטן בערגל דערגרייכן!

איר אַלע דאָרט אין די הימלען, און איר אין דער לופטן
און איר אויף דער ערד —
פאַרנעמט מיין תפילה און הערט
און זאָגט איינער דעם צווייטן די בשורה און דער
צווייטער דעם אַנדערן
אין אונזער מיט איז אַ לעבן אויפגעגאַנגען,
אַ יונגס און אַ ציטערדיקס אויפגעגאַנגען.
און ס'זאָל אים און ס'וועט אים זיין באַשערט
איבער אַלע בערג אַריבערצואוואַנדערן!

# תּפילה

נעגעריש

סאָלאָ: דו נייער גאָט!
טוט תּפילה דער אַלטער.
כאָר: גאָט, פאַרנעם אונזער תּפילה!
סאָלאָ: נישט איך טו דיך בעטן — נייערט די געטער.
כאָר: גאָט, פאַרנעם אונזער תּפילה!
סאָלאָ: די געטער, די באָבעס, זיי מאָנען קרבנות.
כאָר: גאָט, פאַרנעם אונזער תּפילה!
סאָלאָ: ווי קענען זיי זען די קרבנות, זיי זענען דאָך טויט.
כאָר: גאָט, פאַרנעם אונזער תּפילה!
סאָלאָ: זיי קוקן אַפער פון צווישן די קברים.
כאָר: גאָט, פאַרנעם אונזער תּפילה!
סאָלאָ: טויט זענען אַלע, פאַרבליט און פאַרגאַנגען.
כאָר: גאָט, פאַרנעם אונזער תּפילה!
סאָלאָ: די קברים, זיי מאָנען און וואַרטן אויף יעדן.
כאָר: אויף חיה, אויף מענטש און אויף פעלקער.

# בענקשאַפט צו דער נאַכטיגאַל

יאַפּאַניש

אָ, נאַכטיגאַל, איך וועל דעם פרילינג-ווינט
מיט זיינע בליטן-פליגל דיר אַנטקעגן שיקן,
ער זאָל דיר ווייזן דעם וועג צוריק
צו אונזער גאָרטן. אויף דיינע גראָע פליגל
ציטערן דאָך אַלע אונזערע זיבן גליקן.

# אַ טעות

יאַפּאַניש

איך האָב געמיינט, די ווייסע בליטן
פון פרילינג פלאַטערן מיר אַנטקעגן,
אַ טעות, ס׳איז געווען דיין שיינקייט,
וואָס האָט אַדורכגעבליצט די וועגן.

# דער דופטנדיקער אַרבל

יאַפּאַניש

כ'האָב אָפּגעריסן בליטן פונם פלוימענבוים
מיט מיין יונגער און פאַרשאַרטער האַנט,
איז דער דופט געבליבן הענגען
אויפן אַרבל פון מיין זייד־געוואַנט . . .
האָרך! דו הערסט? די נאַכטיגאַל זינגט,
שכור פון די דופטן, און איר טרוים;
זי פלאַטערט אַרום מיר מיט פאַרליבטע פליגל,
זי מיינט, אַז איך בין דער בליענדיקער בוים.

# גלייכע בענקשאַפט

יאַפּאַניש

אָוונט. איך וואַנדער אום אַליין
ביים טאַ־טייך. אַפילו דער ווינט,
וואָס באַגלייט מיך, ווייסט נישט, אַז איך וואַרט
אויף דיר, מיין שלאַנק און בויגיק קינד.
הער, דורך דעם טונקל ציטערט אַ רוף, —
די מעווע רופט איר חברטע צו זיך.
די אייגענע בענקשאַפט גייט אַרום ביים ברעג
מיט טיפע אויגן און מיט גאָלדענע שיך.

## דער סוף פון פרילינג

יאַפּאַניש

דער ווינט האָט אָפּגעטרייסלט די בליטן
פון אַלע צווייגן,
דער בלאַסער קרענקלעכער פרילינג איז
אויסגעגאַנגען אויף די הענט פון שווייגן,
נאָר דער זיסער ריח פון די פלוימען־בליטן
ציטערט אין די פאַלדן פון מיין קלייד,
אַ זכר פון אַ שיינעם מידן חלום,
אַ זכר פון פאַרגאַנגענער פרייד.

# איינזאַם

יאַפּאַניש

ס׳איז אומעטיק צו שלאָפן היינט אַליין ביינאַכט,
אומעטיק און שווער.
די נאַכט איז לאַנג ווי דער לאַנגער עק
פון דער גאָלדענער פּאַווע. איך ליג און הער,
איר קול קלינגט איבערן באַרג צו מיר אַהער
אומעטיק און שווער —
וואָס וויל אויף מיין האַנט די ווייסע טרער?

# אויסבעסערונגען

איייניקע צענדליק פּאַדריסליכע דרוק־פּעלערן האָבן זיך אַריינגעגנבעט זאָץ פון דאָזיגן בוך. צוליב זיין געזונדס־צושטאַנד, האָט דער דיכטער ני געקאָנט מאַכן די לעצטע קאָרעקטור און דער לעזער ווערט געבעטן אַי צו פאַרבעסערן די דאָזיגע פעלערן, לויט דער בייגעלעגטער רשימה:

**זייט 14, שורה 9**
אַנשטאָט „דיינס" דאַרף זיין: **א י י נ ס**

**זייט 15**
**די לעצטע שורה** „ס׳איז איהר פּאָטער א.אַ.וו."—**אויסמעקן**

**זייט 28, שורה 1**
אַנשטאָט „צייגנער" דאַרף זיין: **ציגיינער**

**זייט 30**
**די דריטע שורה:** „דא ביים וואַסער א..אַ.וו." **דאַרף קומען נאָך דער פערטער שורה**
**שורה 10** דאַרף זיין: **פון זומערוויגט און שוואַרצע האָר**
**שורה 13** דאַרף זיין: די דריטע זינגט: **איך בין אַ פלאַטערל**
**שורה 22** דאַרף זיין: **ליבעס וואַלצן איבערן מאַרק**

**זייט 32**
**שורה 4** דאַרף זיין: **האָבן געבלוטיקט די פינגער אויף דער האַרף**

**זייט 33**
**שורה 4** דאַרף זיין: **האָבן געבלוטיקט די פינגער אויף דער האַרף**

**זייט 38**
**שורה 15** דאַרף זיין: **מיט איי־ליו־ליו אין לבנה־שיין,**

**זייט 45**
**נאָך דער 9־טער שורה** („און דאָס ציגעלע א.אַ.וו.") קומט אַ שורה:
**דאָס הייליקע ציגעלע אין שטאַל**

**זייט 47**
**שורה 6** דאַרף זיין: **און פעטרע א לוי גיצע**

**זייט 57**
**שורה 4** דאַרף זיין: **אין אונזער דערפל אַ קאַרשנבוים**

**זייט 59**
**שורה 19** דאַרף זיין: **זי קניט פאַרן וואַלד, פאַרן ווינט, פאַרן וואַסער**

**זייט 81**
**שורה 3** דאַרף זיין: **איך וואַנדער אום אַליין און ס׳שפּינען זיך דמיונות,**
**שורה 10** דאַרף זיין: **צו האָסטו מיך, ליבינקער גענאַרט?**

**זייט 92**
**שורה 18** דאַרף זיין: **ווי אַ רויטער כשוף־לאָמפּ ברענט לבנה אויף איהר שטערן**

**זייט 97**
דאָס ליד הייסט: **אַ ליד וועגן ד י ך דזשאָנאָטאַן** (און נישט: וועגן דיאן דזשאָנאַטאַן א.:
**שורה 4** דאַרף זיין: **און פאַרהאַמעווע די טרערן.**
**שורה 5** דאַרף זיין: **דער דין פון סען פּאַטריק**
**שורה 10** דאַרף זיין: **באַשמירט מיט גרינעם מושטאַר,**
**שורה 17** דאַרף זיין: **דער דין עפּנט אַ פלאַש**
**שורה 18** דאַרף זיין: **און טרינקט מיט מיר „לחיים"**

**זייט 98**
**שורה 7** דאַרף זיין: **וואָס דאַרף די יפיפיה דען מער**

**זייט 101**
**שורה 13** דאַרף זיין: **כ׳רעד צום ווינט ווי אַ מטורף:**

**זייט 102**
**שורה 8** דאַרף זײַן: **פֿאַרנויג איך זיך און זאָג: לבנה,**
**שורה 20** דאַרף זײַן: **אַנגסטן, טרויערן און טרערן.**

**זייט 106**
**נאָך דער שורה 14** („דאָס דאָזיגע טרויער־ליד") דאַרף קומען נאָך אַ שורה:
**דאָליע, מיינע דאָליע.**

**זייט 114**
**שורה 3** דאַרף זײַן: **די באַדויערסט דעם פריען טויט פון דער מאַמען,**

**זייט 118**
**שורה 7** דאַרף זײַן: **מיך שרעקט דיין רויטע באָרד**

**זייט 119**
**שורה 1** דאַרף זײַן: **וויג מיך גאָנדאָל פון ווענעציע,**

**זייט 120**
**שורה 9** דאַרף זײַן: **מיט קליינע פרעכע באַלערינעס,**

**זייט 121**
**שורה 1** דאַרף זײַן: **עליע, מעליע יאָסטע**

**זייט 122**
**שורה 5** דאַרף זײַן: **איציק, שפּיציק, גאָט־מיט־דיר,**

**זייט 125**
**שורה 13** דאַרף זײַן: **פייגעלע, פייגעלע,**

**זייט 126**
**שורה 2** דאַרף זײַן: **מיט האַק און פּאַק און לייבסערדאַק,**

**זייט 130**
**שורה 13** דאַרף זײַן: **צו איילן זיך צום ראַנדעוואו**

**זייט 133**
**שורה 12** דאַרף זײַן: **זיין שאַרף און צאָרניק וואָרט.**

**זייט 135**
**שורה 15** דאַרף זײַן: **אַז פאַר דעם טרויעריקן „מלך פּיק"**

**זייט 136**
**שורה 11** דאַרף זײַן: **נאָר ווי קען זי, אַן אשת־איש**

**זייט 137**
**שורה 6** דאַרף זײַן: **ס'איז נאָר דער ווינט, נישט מיין;**

**זייט 138**
**שורה 3** דאַרף זײַן: **דער עיקרשט פאַרן טאַטעשי,**
**שורה 5** דאַרף זײַן: **געדענקסט די נאַכט איןווילדן וואַלד**

**זייט 140**
**שורה 19** דאַרף זײַן: **און „ריגעלע־ריגעלע־רוגז", זון**

**זייט 142**
**שורה 21** דאַרף זײַן: **וואָס איז אָט ערשט פאַרביי געפלויגן.**

**זייט 144**
**שורה 12** דאַרף זײַן: **די סאָוועס פליען אין אַ ווירע. שטיל ווי אַ לויה.**

**זייט 165**
**שורה 10** דאַרף זײַן: **ווער־זשע קומט איר אַנטקעגן?**

**זייט 214**
**שורה 14** דאַרף זײַן: **דו — אַ גראָ און האַרבסטיק פעלד"**

**זייט 221**
**שורה 13** דאַרף זײַן: **באַשאַפער פון אַלץ און האַר פון מיין זעל,**

## א

| | זייט |
|---|---|
| שטילער גאָרטן | 9 |
| וואַלד־סצענע | 10 |
| פרעסקאָ | 11 |
| אָוונטליד | 12 |
| מיידאַנעק | 13 |
| קיניגין איזבל | 14 |
| יפתחס טאָכטער | 15 |
| געצעלטן | 16 |
| געבורט פון ליד | 17 |
| שטיינערנע סאָוועס | 18 |
| צפת | 19 |
| אָן אַ שליחות | 22 |
| נאַכטבילד | 23 |
| זינט נעכטן | 24 |
| קליינער אַלטער פּאַרק | 25 |
| יִנגל אין ים | 26 |
| איך בין עס | 27 |
| ראַפּסאָדיע אין אַש | 28 |
| שיינע פּוריע | 31 |
| האַרבסט | 34 |
| ליד | 36 |
| ליד | 38 |
| לעגענדע | 40 |
| איין ביי שיין ליד פון אייזיק וואַליך ווירמייסען | 42 |
| היידל, דידל, דאַם | 44 |
| באַלאַדע | 46 |
| איין שיין ליד פון איין האָרבאַטע שניידערל | 49 |
| שפּינען | 51 |
| ליד | 53 |
| אברהם גאָלדפאַדן אויף דער עלטער | 55 |
| קין | 56 |

זייט

באַלאַדע פאַוויע 10 57

CALGULA 59

באַלאַדע 61

שונד-ראָמאַנס 63

אַ יונגער טאָג 65

לאָרעליי 67

ליד 70

אידיליע 72

די קראָען 74

אָקטאָבער 76

דער משולח 79

די מאַמע 80

די באַלאַדע פון די שמייכלען 84

האַנט 85

פרילינג אין פּאַרק 86

אין פענסטער 87

לבנה 88

ווייסע באַלאַדע 89

די באַלאַדע פון די וועגן 91

די באַלאַדע פון דער נאַכט 93

ב

אַלבאָם פאַר געניאַ 95

אַ ליד וועגן דעם דיאַן דזשאָ-נאַטאַן סוויפט און דעם יִדישן גראַמען-מאַכער איציק מאַנגער 97

ליבשאַפט 99

זייט

פּאַרכּישופט 101

לילית און מאַניש 103

אונטער די חורבות 105

יעקבס חלום 107

די באַלאַדע פון איוב דעם תבואה-סוחר 111

צו מיין ברודער נטע 113

זיין עקסעלענץ מיין טאַטע 114

מיין מאַמע 115

מיין שוועסטער שיינדעלע 116

די באַלאַדע פונעם שטאַרבנדיקן קריסטאָפער מאַרלאָו און דעם יִיד פון מאַלטאַ 117

קאַזאַנאָוואַ 119

גראַם שטראַם פאַר נטע 121

אַלבום פאַר מאַרגאַרעט 127

דינה בת יעקב גייט אויף אַ ראַנדעוואו 130

מיכל 132

די מכשפה פון עין דור 134

בת-שבע 136

אַמנון און תמר 138

דוד המלך און אבשלום 140

דריי שוועסטער 142

סאָוועס 144

כמאַרעס 145

ג

פעלקער זינגען 232-147

